י. א. פּינס

# האַטואיי

(פּאָעמע)

אַרויסגעגעבן פון דער אידישער קולטור - געזעלשאַפט

האַוואַנער צווייג

האַוואַנאַ, קובאַ. 1931



קובאַ, קובאַ, טראָפּיש לאַנד!

בלויער הימל, העלע זון, פרילינג, פרילינג!

ווי אַ פרייליכע יאַכט-שיף, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט צווישן צוויי גרויסע אייז-קריען, אַזוי ליגסטו צווישן די צוויי גרויסע ערד שטיקער פון אַמעריקע—צפון און דרום.

כאָטש נאָענט אַזוי צו דער גרויסער וועלט, זענען דאָך אַזוי ווייניק באַקאַנט דיינע ליידן און פריידן, דיינע קאַמפן און זיגן.

מע ווייסט אַ סך פון דיין בלויען הימל, מע ווייסט אַ סך פון דיין שטאָלצער פאַלמע, אָבער מע ווייסט ניט קיין סך פון דעם ריינסטן און שטאָלצסטן—פון דיין זון האַטואיי!

האַטואיי—דער פירער, דער קעמפער פון דיינע אומשולדיקע קינדער, די פּרימיטיווע איינוואוינער, די סיבאָנייער.

האַטואיי, וואָס האָט נאָך צוריק מיט הונדערטער, הונדערטער יאָרן געוואָלט פאַרניכטן דאָס גאָלד פון דער ערד, ווייל דאָס גאָלד—האָט ער געזאָגט—איז דער גאָט פון די ווייסע, דער גאָט פון די אונטערדריקער, דער גאָט, וואָס ברענגט דאָס גאַנצע שלעכטס אויף דער וועלט.

האַטואיי, וואָס האָט נאָך צוריק מיט הונדערטער, הונדערטער יאָרן פאַרשטאַנען אַזוי צו קעמפן פאַר פרייהייט, און געקענט אַזוי שטאַרבן, אַז ער זאָל בלייבן לעבן אויף דור דורות אין די אייביקייטן.

האַטואיי! האַטואיי!

ווער ווייסט עס ניט אין קובאַ ווער עס איז האַטואיי?!

פרעגט אַ קובאַנער, אַ קינד צי אַ דערוואַקסענעם, ווער איז האַטואיי? וועט ער אייך ניט ענטפערן, נאָר ער וועט אייך אָנקוקן פאַרוואונדערט: ס'איז פונקט ווי איר זאָלט אָפּשטעלן אין אַ שיינעם קובאַנער זומער טאָג אַ מענטשן און פרעגן, וואָס איז אַזוינס זון?

האַטואיי און די זון — איז אָט דאָ אַ פאַרגלייך. ביידע אינאיינעם באַלייכטן זיי דעם מענשליכן וועג אין קובאַ.

און שטייענדיק אויף אָט דעם קובאַנער זוניקן וועג, אויף דער ערד, וואָס האָט אַזוי ברייט מיך אויפגענומען און וואָס איז אין מיין יוגנט מיין צווייטע היים געוואָרן, טראָג איך צו מיין ביישטייער — דאָס געזאַנג צו האַטואייען.

# האַטואיי

## I

ס׳איז הימל און וואַסער און שטילקייט אין בלוי,
דער רואיקסטער ים איז ניט רואיק —
שווימט אַ קאַנאָע אין פעסטן געבוי,
די וועסלעס געשווינדיק און גליהיק.

צען אינדישע מענער געזונטע און פעסט,
און איינער פון צווייטן איז שענער —
און איינזאַם, אינמיטן די הענט אויף דער ברוסט
דער עלטסטער פון אלע צען מענער.

דאָס איז האַטואיי. פון ערד גואַכאַוואַ,
פון לאַנד פון די שטאָלצע קוויסקייער,
זיין בליק איז געווענדעט צום ברעג מאַאיסי,
צו קובאַ — פון די סיבאָנייער.

עד פאָרט ניט אַף יאַגד און אויך ניט אַף שפּאַציר
ווי שטענדיק צו ברידערשע ראַנדען,
עס האָבן די ווייבע זיין לאַנד אים פאַרברענט —
זוכט ער אַ ערד וואו צום לאַנדן.

ס'איז קובא ניט ווייט פון קוויסקייאישן ברעג —
פאַראייניקט דער ים זיי, דער בלויער,
פאַראייניקט אין ברידערשער ליבשאַפט צו רו,
אין פריידן אַזוי ווי אין טרויער.

עס פאָרט האַטואיי. זיין האַרץ איז אין גלי,
אין ציטער זיין אייזערנער אָרעם,
עס דאַכט זיך דער ים איז אין שטילקייט און רו,
נאָר ער טראָגט אין זיין שוים איצט אַ שטורם.

און אַזוי ווי עס קען זיין נאָר שטורמיש דער ים
אין אָפּגרונט פון אומרו,
פון אוראַלטן שטאַם,
אַזוי איז איצט שטורמיש אין הייליקן פלאַם
דער העלדישער זון
פון דעם אינדישן שטאַם —
האַטואיי!

די אויגן צעפלאַקערט
אין גליענדן שוואַרץ,

פון אומרעכט צעאַקערט
פאַרפלוטיקט דאָס האַרץ.

פאַרפלוטיקט דאָס האַרץ פון דער וועלטס גרויסן פּיין,
זיצט ער אין שיפל און רעדט ניט קיין וואָרט
אַזוי ווי פאַרגליווערט —
פאַרשטיינט אויף זיין אָרט,
דעם נאַקן געבויגן, פאַרטיפט אין זיין טראַכט:
פאַרשאָלטן זאָל ווערן —
די בייזוויליקע מאַכט!
ער שפּאַרט אָן זיין קאָפּ אויף זיין מעכטיקער האַנט,
דערמאָנט זיך אַ בילד נאָך אַ בילד
פון זיין לאַנד:
געווען ערשט ניט לאַנג
נאָר געזאַנג און געזאַנג,
די טעג און די נעכט
ווי די פרייד אַזוי עכט
זענען געקומען די ווייסע אין שאַנד,
פאַרפעסטעט, פאַרגוואַלדיקט
דאָס ליבליכע לאַנד:
אָ, ווייסע, איר ווייסע!
ווער האָט אייך באַדאַרפט?
געקומען צו אונדז און די שווערדן געשאַרפט.
מיר זענען געווען אַזוי גוט, אַזוי גוט —

געגעבן אייך אַלץ, וואָס אין אונדזער באַזיץ,
האָט איר אונדז געוואָרפן דעם דונער און בליץ!
אָ, ווייסע, וואָס טויג אייך —
צו וואָס אונדזער בלוט?!

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

ווער ווייסט נאָך ווי לאַנג ס'וואָלט געווען האַטואיי
אין זיינע געדאַנקען פון טרויער פאַרשיפּט,
ווען ס'וואָלט ניט אַ פריידיקער רוף אויסגעשריי
פאַר זיינע חברים, וואָס האָבן געשיפט
אים פון טרויער געוועקט:
קאַמעראַד, קאַמעראַד —
האַטואיי, גיב אַ קוק!

ס'האָט זיך באַוויזן אַ באַרגיקע הויך
און פאַלמען—אין שטאָלצקייט,
און ערדן—אין פלאַך,
און שפּעטערצו הייטיש און גרוסן—אַ רויך
און פריידיקע, ברידערשע מענטשן אַ סך.



## II

עס איז מאַאיסי.
קובאַנישער ברעג,
וואָס באָדט זיך אין שטאָלצקייט פון דעם אָריענט,
ווער ווייסט עס ניט דאָרט, ווער עס איז האַטואיי?
צו יעטווידער איינעם איז ער דאָרט באַקענט.

מיט זיינער געוואַגטקייט— דער בעסטער אין יאַגד,
מיט פלינקייט —
דער בעסטער אין פישער - געפאַנג,
און בעסער פון אַלץ מיט זיין קלוגשאַפט אין רייד,
און מערער פון אַלץ—מיט זיין שטאָלצן געזאַנג.

ער גיט זיך אַ שטעל מיט זיין שטאָלצקייט און גרויס
ציטערט די ערד, דאַכט זיך, אויף אַף אַ ווייל,
נעמט ער דעם בויגן אַריין אין זיין האַנט —
וועט קיינמאָל קיין ווינט ניט דעריאָגן זיין פייל.

פלעגן די מיידלאך, די שענסטע צום ברעג
אַרויס אין גיזאַנגען, אַזוי ווי עס פאַכט,
פאַר איינעם, דעם שטאָלצסטן פון פרידערשער ערד,
אַזאַ מין אַ פריידיקן האַרציקן גאַסט.

אַז ער, האַטואיי, האָט די ערד נאָר באַרירט
פלעגט זיך צעגיבן אַ זוניקע פרייד —
מתנות די שענסטע פאַר גרויס און פאַר קליין
צוגלייך מיט די קלוגע דערפאַרענע רייד.

פלעגן די אַלטע אים רופן צום ראַט,
פלעגן די יונגע אים רופן צום שפיל,
און שפעטער גאָר פלעגט ער מיט קינדערלאַך קליין
זינגען אַרייטעס מיט קינדיש געפיל.

האָט יעדער געמיינט, אַז אויך איצט איז אַזוי,
האָט יעדער געזאָגט: האַטואיי! האַטואיי!
נאָך איידער ס'איז צו די קאַנאָע צום ברעג
איז אַלץ שוין געווען אין יובל געשריי.

נאָר אָט איז שוין צו די קאַנאָע צום ברעג
נאָר וואָס איז אַזעלכעס? וואָס האָט עס פּאַסירט?
האַטואיי האָט באַרירט שוין די ברידערשע ערד
אין טרויער פאַרגליווערט—פון אָרט ניט גערירט.

דעם קאָפּ אָנגעבויגן. די הענט אָפּגעלאָזט.
די ליפּן קיין שמייכל—אַזוי שטייט ער שטום,
און זיינע צען מענטשן—די ברידער פון קאַמף
שטייען אין טרויער אַרום און אַרום.

שווייגן שוין אלע. די שטילקייט איז שווער.
שטייט אויף דער קאַסיקע פון דעם ביבאָניי:
דיין טרויער, דיין שווערן פאַרגעס אַף אַ ווייל —
ס'איז קובאַ דיין לאַנד, דו מיין זון האַטואיי!

קוקט האַטואיי און ער הויבט אויף דעם קאָפּ.
לעגט דער קאַסיקע אַרויף אים זיין האַנט:
וואָס האט עס פּאַסירט, אָ דערציייל, האַטואיי,
אין דיין גואַכאַוואַ פון קוויסקייאישן לאַנד.

שטעלט אויף זיך אַ מיידל אין שענסטן געשטאַלט,
און פרעכטיק און שפּיציק איז איר קאַלעמבע
און זאָגט: האַטואיי, אָ דו ברודער ערלויב
קאַסיקעס אַ טאָכטער דיר געבן אַ גלעט.

מיין פאָטער קאַסיקע, דו קוק זיך נאָר צו
ווי מיד און פאַרצערט איז דיין זון האַטואיי—
עסן און טרינקען און געבן אים רו,
און בעסער פון אַלץ איז אַצינד אין קאַניי!

האָט יעדער פאַרשטאַנען, ס'איז בעסער אַזוי,
ס'איז בעסער און שענער און קליגער פאַר זיי —
ניט פרעגן קיין פראַגן און לאָזן צורו
עסן און שווייגן אין גרויסן קאַניי.

אין גרויסן קאַניי זענען אלע געגאַנגען ,
אַלע ביז איינעם—גרויסע און קליין,
געגעסן קאַסאַווע, נאָר ס'האָט זיך געדאַכט
ס'איז די קאַסאַווע פון זאַמד און פון שטיין.

ס'האָט יעדער געקוקט, וואָס עס טוט האַטואיי ,
געשלינגען, געגעסן אַזוי ווי אין בלינד —
די טאָכטער קאַסיקעס, זי זיצט נעבן אים
און מאַכט אים אַלץ גרינגער אַזוי ווי אַ קינד.

געענדיקט דאָס עסן. דעם דורשט שוין געשטילט
שטייט אויף דער קאַסיקע און זאָגט אַט אַזוי :
האַטואיי ,
דו ברודער מיינער !
ביסט אין צער,
ביכט אין מי —
זאָל די רו דיין טרויער שטילן
מיר וועלן דאָ וואַרטן
ביז מאָרגן גאַנצפרי.

שטייט אויף האַטואיי —
אָ, וואָס איז האַטואיי ?!
אין אָרעמס צעשפּרייט און אין לייבן־געשריי :
אָ, ברידער און שוועסטער !
מיר קענען שוין מער איצט ניט האָבן קיין רו.

די ווייסע, די ווייסע,
די שדים די ווייסע,
זיי וועלן שוין מער אונדז ניט לאָזן דערצו!

וואָס זאָגסטו די ווייסע?
די ווייסע וואָס ווידער?!
בלייבן שוין אַלע אין טומל מיט פיינליכע גלידער.

שטייט אויף דער קאַסיקע —
בלייבט יעדערער שטיל:
האַטואיי, דו ברודער מיינער,
מיט הימלישן שכל און מעכטיקער האַנט,
דערצייל אונדז שוין איצטער, וואָס האָט עס אַזעלכעס
פּאַסירט אין קוויסקייע,
דאָס וואונדערבאַר לאַנד.
דערצייל אונדז וואָס האָט עס פּאַסירט מיט דיין ווייב,
דערצייל אונדז וואָס האָט עס פּאַסירט מיט דיין קינד,
מיט דיינע, די גלאָרייכע ברידער און שוועסטער,
דערצייל אונדז פון אַלעם,
דערצייל שוין אַצינד.
אַ טרויער! אַ טרויער!

זאָגט האַטואיי:
יאָ!
אַ טרויער, אַ טרויער!

אָ, איר ברידער,
סיפּאַנייער —
אייער ברודער דער קוויסקייער,
האַטואיי —
קען פון זיך קיין סך דערציילן,
ווייל עס טוט אים זייער וויי!
מ׳האָט גענומען זיינע קינדער
און געבראָטן זיי אין פלאַם,
מ׳האָט גענומען זיינע ליבסטע
און צעשניטן אַף שטיק שטיקער
און געוואָרפן זיי אין ים.
מ׳האָט געשענדעט און צעטראָטן
אַלץ וואָס אים געווען איז טייער,
און זיין ערד —
פאַרווישט אין פייער.
ווייל ער האט געגלויבט די ווייסע'
ווייל ער האָט געאַכט די ווייסע
און געוועזן גוט —
האָבן זיי באַצאָלט מיט בלוט.
ווייל די ווייסע זענען שדים
און זיי דורשטן נאָר נאָך גאָלד!
וויי צו דעם, וואָס ווייזט דאָס גאָלד זיי,
און ער קען מיט דעם ניט שטילן
זייער בלוטיק בייזן ווילן,
זיי צו געבן גאָלד גענוג!
וויי צו דעם!

וועלן זיי אַליין דאַן שטילן
זייער צווייטן בייזן ווילן
נאָך דעם הייסן בלוט.

גיט זיי בלוט! —
האָט האַטואיי זיך צעשריגן.
און ער איז געשטאַנען מיט גלי אין די אויגן,
מיט גלי אין די אויגן — אין טרויער פאַרצויגן:
איך קען ניט מער רעדן,
איך קען ניט מער זאָגן —
איך בין ניט צו שטאַרק צו דערציילן די פּלאָגן,
וואָס איך האָב פאַרנומען!

האַטואיי, האַטואיי! —
האָבן אלע געזאָגט.
סעמי אין טורייי! —
האָבן אלע געקלאָגט.
אַן אומגליק אַ גרויסער איז דאָ אַף דער ערד —
דער ווייסער.
דערצייל אונדז זשע אַלעס,
פון אַלץ האַטואיי!

איך קען אייך פון זיך איצטער
מער ניט דערציילן.

ווייל וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַצינדער מיין פּיין ?
אַז ס'איז אַנאַקאָנאַ ניטאָ צווישן אונדז ,
וועט קיינמאָל מער זעען די הימלשע שיין .
אַנאַקאָנאַ איז טויט !

אַנאַקאָנאַ איז טויט ? !
און ס'האָט זיך דער טרויער נאָך שווערער פאַרשפּרייט
אַף גרויס און אַף קליין אין דעם גרויסן קאַניי ,
און ס'האָט שוין זיך מערער קיין וואָרט ניט געהערט , —
ווייל שטיל איז געבליבן דער ריז האַטואיי .
דאַן האָט זיך דער עלטסטער בעהיקע פון דאָרט
געהויבן פון אָרט ,
אין טרויער געבויגן
געהויבן זיין וואָרט :

לאָמיר אין טרויער די קעפּ איצטער בויגן ,
ווייל ס'וועלן שוין קיינמאָל מער אונדזערע אויגן
ניט זען אַנאַקאָנאַן .
און זאָל האַטואיי איצט פון איר אַלץ דערציילן
און מעג עס אפילו אים נעמען אַ מאָנאַ ,
וועלן מיר אַלע דאָ זיצן אין טרויער
און אָפּגעבן כבוד מיט הערן געטרויער
וועגן דער שוועסטער ,
וואָס הייסט אַנאַקאָנאַ .

די זון די קווישקייער,
די ליכט סיפּאַנייער,
וואָס איז שוין ניטאָ!
האַטואיי, האַטואיי, נעם דערציייל!

און ס׳האָט האַטואיי דעם בעהיקע געפאָלגט:
אַנאַקאָנאַ, שוועסטער מיינע
כ׳בין ניט ווערט די טריט דאָך דיינע,
דאַרף איך רעדן איצט פון דיר.
אַנאַקאַנאַ —
בלום פון גאָלד.
מיט די הענט ווי בלומען קראַנצן,
מיט די לייכטע פיס צום טאַנצן
מיט די אויגן אירע צוויי,
ווי די שוואַרצע טיפע נאַכטן,
האָט געקענט זיך יעדן דאַכטן
אַז זי איז פון דעם טוריי.
און געקענט האָט זי שיין רעדן,
פלעגט זי רעדן, פלעגט זיך דאַכטן
אַז סעמי האָט דאָס געגידערט
צו די ליבע קינדער זיינע.
פלעגן שווייגן די קאַסיקעס,
פלעגן שווייגן די בעהיקעס, —
אַזש די קינדער אין די שפּילן
פלעגן רואיק בלייבן שטילן
אום צו הערן אירס אַ וואָרט.

פלעגט זי זינגען די אַרייטעס
פון די גלאָרייכע קווּיסקייער
און די בייזע קאַריבּייער,
פלעגט זיך יעדערער באַזונדער
טראַכטן ס'איז סעמיס אַ וואונדער—
אַט די שיינע אַנאַקאָנא.
און געמיינט האָט אַנאַקאָנא,
אַז די לוסטיקע אַרייטעס.
און די טענץ
און קרענץ פון בּלומען
וועלן מאַכן גוט די ווייסע,
ווען זיי וועלן נאָר אָנקומען.
און געווען אַזוי איז איינמאָל
איז אַ ווייסער, שטאַרקער אַבּאָ,
וואָס זיי רופן גובערנאַטאָר,
קיין קווּיסקייע אָנגעקומען.
האָט געוואוסט דאָס אַנאַקאָנאַ,
האָט זי באַלד פאַרגרייט אַ יום־טוב,
אַזאַ יום־טוב, אַזאַ שיינעם,
וואָס זי האָט ניט געמאַכט פאַר קיינעם.
און מיט פרייד אַף אַלע שטעגן
צו דעם אַבּאָ אַף אַנטקעגן.
אַף צו פריער שיינע מיידלעך
אין געזאַנגען פון אַרייטעס,
און דערנאָכדעם פיל קאַסיקעס
און דערנאָכדעם פיל בעהיקעס

און ערשט נאָכדעם אין געזאַנגען —
אַנאַקאָנאַ איז געגאַנגען.
אַנאַקאָנאַ —
בלום פון גאָלד.
און איר לייב געפאַרבט אין בלומען,
בלויע בלומען,
ווייסע בלומען,
און איר קאָפּ און האַלדז און אָרמען
פול אין קראַנצן ווייסע בלומען,
ווייסע בלומען ערשט פון פעלד.
אַט אַזוי האָט זי באַגעגנט
פול מיט ליבע יענעם אַבאָ
און אויך זיינע ווייסע ברידער
און געפירט זיי אין קאַניי.
און ס'איז דאָרט געווען פאַרגרייט שוין
אַלעם גוטעס, אַלעם טייער
פיש און גאָלד און אויך גוויאַנאַ
פאַר דעם אַבאָ —
אַזאַ שטייער.
האָט די שיינע אַנאַקאָנאַ
דאַן געזינגען ס'ליד פון שלום, —
איז געקומען צייט צו עסן
האָט מען דאַמאָלס גוט געגעסן
פון די היימישע מאכלים.
צייט צו שלאָפן איז געקומען
האָט גענומען אַנאַקאָנאַ

אַן האַמאַק באַפוצט מיט בלומען,
און געפירט דעם ווייסן אַבאָ
אים געזינגען ס'ליד פון שלאָפן
און געהאָלפן אים זיך אויסטאָן
און געקניט פאַר אים אין פראַכט
און געזאָגט: אַ גוטע נאַכט!
איז דער צווייטער טאָג געקומען
איז אַוועק דער ווייכער אַבאָ,
האָט געפרייט זיך אַנאַקאָנאַ,
וואָס ס'האָט זיך אַזוי געענדיקט
ס'האָט קיין דונער ניט געהערט זיך,
ס'האָט קיין בליץ זיך ניט געזען—
ס'האָט קיין בלוט זיך ניט געגאָסן.
האָט געמיינט שוין אַנאַקאָנאַ:
אַז דאָס גאָלד איז ניט דאָס אַלעס
וואָס די ווייסע מענטשן ווילן, —
נאָר די טענץ און קרענץ מיט בלומען
און די פריידיק שיינע שפילן
מאַכן גוט דעם ווייסן מענטשן.
און עס גייט אַזוי זיך אַלעס,
גייט אַ מאָנאַ,
קומט אַ מאָנאַ
האָט דערוואוסט זיך אַנאַקאָנאַ,
אַז אַ נייער אַבאָ קומט.
האָט זי דאַן פאַרגרייט אַ יום־טוב
פון דעם ערשטן פיל מאָל שענער:

מיט די שענסטע שוועסטער מיידלעך
און די בעכטע ברידער מענער,
די קאַנייעס איינס און אַנדער
פול מיט בלומען אויסגעהאנגען.
בלויע בלומען,
ווייסע בלומען
אויכגעשפרייט אַף אַלע וועגן,
און מיט לוסטיקע געזאַנגען
אַנאַקאָנאַ — גייט אַנטקעגן.

כאָטש דער הימל איז אַ בלויער
איז פאַרפינסטערט דאַן געוואָרן
אַנאַקאָנאַס שיינער טאָג.
פון די לוסטיקע אַרייטעס
האָט צעגאָסן זיך אַ טרויער
פול אין צער
פול אין קלאָג.
ווייל דער ווייסער, בייזער אַבאַ,
וואָס זיי רופן גובערנאַטאָר
האט דערזען אַנאַקאָנאַן
אין איר שיינקייט,
אין איר פראַכט —
האט ער באַלד אַזוי פאַרשטאַנען
אַז ס'איז גאָלד ביי איר פאַראַנען
און ער קען עס קריגן אַלץ.
האט זיך באַלד דער בליץ באַוויזן

און ס'האט זיך דערהערט דער דונער,
נאָך אַ בליץ
און נאָך אַ דונער
און ס'האט זיך פאַרשפּרייט דער טויט.
און די ווייסע ריינע בלומען
וואָס מ'האט צעשפּרייט אַף וועגן
זענען באלד געוואָרן רויט.
אַנאַקאָנען באלד געפאַנגען,
אַף איר האַלדז אַ שטריק פאַרוואָרפן,—
אַף אַ בוים זי אויפגעהאַנגען.
אַנאַקאָנאַ איז שוין טויט.

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

אַנאַקאָנאַ איז שוין טויט.

. . . . . . . . . . . .

## III

ס'איז העלער באַגינען. ס'איז צאַרטקייט און אומשולד.
ס'איז טראָפּישער מאָרגן ביים ברעג מאַאיסי —
עס דאַכט זיך, אַז אַלעס איז פריילאָז פון זאָרגן
אין צאַרטקייט אין זיסער פון טראָפּיק גאַנצפרי.

די זון איז אַרויס ערשט פון ים'ען פאַרבאָרגן, —
איז קינדיש פאַרשלאָפן איר שמייכלענדער שטראַל,
אַזוי ווי די קינדישע פרייד פון פריטאָרגן
צעגיסט זיך דער פריידיקער זוניקער קוואַל.

צעגיסט זיך אַף פאַלמעס אין בלוטפולער גרינקייט
אַף טראָפּישע גראָזן אין טוי פון קרישטאל,
פון בערגיקער הויכקייט צעשטראָמט און צעלאָזן
אַראָפּ צו דעם רואיקן מענטשליכן טאָל.

אַראָפּ צו די אינדישע שטילע באָהיאָס
וועקן דעם שבט פון דעם סיבאָניי,
און געבן צו וויסן, אַז טאָג איז געקומען,
צייט זיך פאַרזאַמלען ביים גרויסן באַטיי.

דער באַטיי איז פאַרנומען מיט זון און מיט מענטשן
און יעדערער שמייכלט און ווייכט ניט דערפון,
און זינגען אַרייטעס צום טאָג פון דער אַרבעט
אין שטראַלענדן אויפגאַנג פון פריידיקער זון.

דאָס זינגען געענדיקט, שטייט אויף דער קאַסיקע:
מע דאַרף טאָן די אַרבעט פון יעדן גאַנצפרי —
עס זענען פאַרזייט שוין פון לאַנג די קאַנוקעס,
פעלט זיי נאָך אָבער די מענערשע מי.

און זאָל מען גוט היטן דאָס פעלד פון אַנאַנעס,
און מערער די גוטסקייט פון פעטן מאַאיס —
און מאַכן צו וואַקסן נאָך בעסער די יוקאַ,
און טרייסלען און קלייבן פון פאַלמען די ניס.

און זאָלן די אלטע ניט קוקן אין טרויער
וועןאַלץ איז אין אָרדנונג אין העלן באַגין,
זיי דאַרפן שוין מער זיך ניט מיען—נאָר רוען,
עס וועלן שוין אַרבעטן זייערע זין.

דאָס האָט צו די אַלטע גערעדט דער קאַסיקע
און האָט מיט פיל ליבשאַפט פאַרענדיקט זיין זאָג,
און איז אין זיין גליקקייט אַוועק באַלד מיט אַלע—
יעטווידער איינער — צו אַרבעט פאַרטאָג.

און כאַטשע ס׳איז אַלעס געווען אין אָרדנונג,
האָט דאָך זיך דער אומרו געפילט צווישן זיי,
דער נעכטיקער טאָג אין דעם ברידערשן טרויער
און אַלעס, וואס ס׳האָט זיי דערציילט האַטואיי.



האַטואיי איז פון שלאָף אויפגעשטאַנען צעטומלט:
עס פעלט אים זיין שיינע, זיין ליבליכע ווייב,
עס פעלט אים זיין קינד מיט דעם לוסטיקן שמייכל —
מ׳האָט אים אַף שטיקער צעריסן זיין לייב.

און ער איז אַוועק אין דער זייט מיט זיין טרויער,
אַוועק צו דעם וואַלד אין דער ווילדערניש טיף —
ס׳איז גאָר דער הימל ווי שטענדיק אַ בלויער
און האָט פון זיין טרויער איצט גאָר קיין באַגריף.

די אָרעמס די שטאַרקע פאַרלעגט אַפן נאַקן —
ליגט ער אַזוי ווי געשניטן פון שטיין,
און קוקט אין די הימלען און קוקט אין די וייטן,
וואס קוקט ער? וואס זעט ער? — ער ווייסט ניט אַליין.

פלוצים דערהערט ער אַ שאַרך פון די בלעטער,
אַ שאַרך פון די בלעטער—אַ מיידל געשטאַלט:
קאַסיקישע טאַכטער פאַרשטייט גוט דיין טרויער,
דיין טרויער פון איר האַטואיי ניט באַהאַלט!

דיין טרויער בין איך איצט געקומען צו שטילן —
דו האָסט שוין פאַרגעסן אַזוי ווי איך זינג?!
איך וויל דיר איצט זינגען פון האָפנונג און לעבן,
ועט, אפשר, דיין טרויער דיר ווערן איצט גרינג.

האַטואיי! האַטואיי! אָ, דו ביסט מיר געפעלן,
און לאָז מיך מיט דיר אַף די גראָזן דאָ זיין —
און לאָמיר זיך ביידע דאָ לעגן צוזאַמען
ועט, אפשר, דיר פרייד אין די בלוטן אַריין.

אָ, מיידל, דו ביסט מיר נאָך מערער געפעלן,
איך וויים אין געטריישאַפט וועסטו זיין מיין ווייב—
מיר וועלן דאָ זיין אין דעם העלן פרימאָרגן,
און איך וועל ניט מער ווי באַרירן דיין לייב.

איך וויים, אַז עס וועלן די טעג דיר זיין זיסע—
נאָר שפּעטער וועט ווערן דיין בויך אַזוי שווער, —
איך קען דיר נישט טאָן דאָס—איך פיל אַז די ווייסע
וועלן שוין קומען אין גיכן אַער.

די ווייסע, די ווייסע, פאַרשאָלטענע ווייסע,
זיי ווערן, ווייזט אויס, נאָר געבוירן דערצו —
מיט זייערע שווערדן אַף זוניקע ערדן
פאַרנומען ביי רואיקע מענטשן די רו.

איך וועל דיר נאָר זיין ווי אַ ברודער אַ גוטער —
און דו וועסט אַ שוועסטער מיר זיין אַף אַ בייט,
אַזוי אָ ביז וואַנען מיר וועלן די ווייסע
פאַרטרייבן אין זייער פאַרשאָלטענער ווייט.

און ס'האָט זיך אין אומרו פאַרשפּייט זיין געזיכט:
אָ, מיידל, דו שיינע,
דו ליבסטע, דו מיין —
ביז וואַנען ביז וואַנען
וועט דאָס אַזוי זיין?!

ס'איז יוגנט אין ציטער,
ס'איז ליבע אין קראַמף—
און מיר דאַרפן טראַכטן
פון בלוט און פון קאַמף.

ס'איז פעלדער און וועלדער
און אַלץ אַזוי גוט —
דער ווייסער מאַכט טראַכטן
פון טויט און פון בלוט.

□ □
□

און ס׳האָט ניט געטראַכט
גאָר אַזוי האַטואיי, —
גאָר יעטווידער איינער
פון דעם סיבאָניי.

ס׳האָט יעדער דעם אומרו
געפילט נאָך גאַנצפרי,
איז ניט ווי אין ווילן
די טעגליכע מי.

ס׳האָט יעדער געוואוסט
אַז ער אַרבעט ניט גוט —
דער ווייסער איז נאָענט
פאַרגליווערט דאָס בלוט.

פון אייגענעם טראַכטן
אין אומרו ניט זאַט,
בעסער פאַרזאַמלען
פון אַלע אַ ראַט.

---

## IV

דער ראַט איז פאַרזאַמלט.
אין ערנסטקייט אַלע.
שטרייננ איז און פייערליך אַלעס אַרום, —
שטייט אויף דער בעהיקע
און קלאַפּט אין טאַמבאָרען,
פאַרהויבט צו די הימלען
די הענט זיינע פרום.

סעמי, אָ סעמי!
קוק אָן דיינע קינדער!
זיי האָבן אַ ראַט אין געפּאַר פון דעם לאַנד,
אַזוי ווי דו ווילסט
און דו מאַכסט קלאָר די הימלען,
אַזוי זאָלסטו מאַכן זיי קלאָר דעם פאַרשטאַנד!

פאַרשטילט די טאַמבארען,— שטייט אויף דער בעהיקע
און זאָגט צום קאַסיקע:
דער הימל איז בלוי!
זאָלסטו דיינע ווערטער אין ריינקייט און בלויקייט
וואָס דו וועסט דאָ זאָגן,
אויך זאָגן אַזוי!

שווייגן שוין אַלע צו הערן די ווערטער.
זאָגט דער קאַסיקע:
ס'איז הימלשע שיין,
איך בויג זיך אין אַכטונג, —
דער ערשטער צום רעדן
זאָל האַטואיי, אונדזער העלדישער זיין!

שטייט אויף האַטואיי:
אָ, איר ברידער און שוועסטער,
צו רעדן אין קלאָרקייט ווערט גרעכער מיין צער, —
מוז איך אייך זאָגן:
ס'איז נאָענט דער ווייסער
און פאַר מאַאיסי דראָט די ערשטע געפאַר.

כ'האָב אייך שוין נעכטן דערציילט פון קווּיסקייע—
דערצייל זשע, קאַסיקע,
מיר אַלעם גענוי:
ווי זענען אין קובאַ געוועזן די ווייסע?
געקומען, געוועזן,
ווי לאַנג, ווי אַזוי?

שטייט אויף דער קאַסיקע:
אָ, יאָ, דו מיין ברודער,
ס'איז וויכטיק צום וויסן—פאַרנעם מיינע רייד,

איך דאַרף זיך דערמאָנען.
נאָר וואָס זיך דערמאָנען?
דערציילן פון טרויער און נאַרישער פרייד!

זינט ס'איז די שטוב אָט אַ יענע געקומען
מיט פליגלען אין הויכקייט,
מיט פליגלען אין ברייט —
האָט זיך אַף אונדז, כאָטש אין אָנהויב מיט פריידן,
אַ טרויער, אַ שווערער
אין אומרו פאַרשפרייט.

די שטוב האָט געבראַכט עפּעס הימלשע מענטשן,
מענטשן אַזעלכע
אין ווייסקייט און קלאָר,
מיר האָבן באַטאַפּט זיי, מיר האָבן געגלעט זיי —
אַף זייערע פּנים'ער
צאַרטקייט אין האָר.

מיר האָבן געמיינט:
אַז זיי זענען געקומען
געשיקט פון די הימלען צום ברעג באַאיכי,
דאָס האָט אַ מתנה פאַר רו און פאַר ליבשאַפט
געשיקט זיינע קינדער
דער גרויסער סעמי. —

מיר האָבן געקניט און מיר האָבן געבוקט זיך
געגעבן זיי אַלץ,
וואָס זיי האָבן געוואָלט, —
זיי האָבן געשיינקט אונדז פיל פּרעכטיקע זאַכן,
מיר האָבן געשיינקט זיי
נאָר שטיקלאַך פון גאָלד.

זיי זענען אַוועק. אַוועק איז אַ מאָנאַ.
אַוועק איז אַ מאָנאַ
און מאָנאַס אַ סך,
מיר וואָלטן זיי, אפשר, געוועזן פאַרגעסן
אַזוי ווי פאַרגעסן
ווערט יעטווידער זאַך.

נאָר ס׳איז אַזאַ שטוב, אַזאַ נייע געקומען
מיט מענטשן אַזעלכע
אין ווייסקייט פון הויט, —
מיר האָבן דערוואוסט זיך, אַז אונטער דער ווייסקייט
טראָגן זיי שטענדיק
נאָר שלעכטסקייט און טויט.

זיי זענען געקומען.
געזוכט מיט די אויגן,
מיר האָבן געקוקט, —ניט געהאַט קיין באַגריף —

זיי זענען געקראָכן אַף קני אײַנגעבויגן
געגראָבן,
געזוכט אין דער ערדישער טיף.

אָ, ווייסע, וואָס זוכט איר? אָט האָט איר קאַסאַווע!
אָ, ניין,
נים דאָס וואָס זיי האָבן געוואָלט!
זיי מיינען, מיר האָבן דאס גאָלד אויסבאַהאַלטן,
אָ, ווייסע!
אָ, וואס פאַר אַ ווערט האָט דאס גאָלד?!

זיי קוקן אַזוי ווי פאַרטומלט, פאַרטשירעט,
מיר האָבן געקוקט
און מיר האָבן געלאַכט, —
מיר האָבן עס דאַמאָלס דערזען זייער בליצן
דערהערט:
ווי עס האָט זייער הונגער געקראַכט.

עס זענען עס דאַמאָלס פיל טויטע געפאַלן,
מיר זענען אַוועק,
און די ווייסע—אַליין,
און שפּעטער מיר זענען אין שטילקייט געקומען
זענען די ווייסע שוין מער
נים געווען.

און שפעטער, ווען ס׳האָט זיך פון ווייטנס באַוויזן
אַ שטויב ניט פון הימל, —
פון ווייסע אַ שיף,
דאַן האָבן מיר אַלע געוואוסט וואָס ערוואַרטן,
מיר האָבן פון זיי
שוין געהאַט אַ באַגריף.

אַראָפּ און געקוקט און געזוכט און גענישטערט,
און אמת צו זאָגן:
די ווייסע ניט פיל, —
מיר האָבן זיך אַלע אין בוימער באַהאַלטן
און אַלע געשוויגן
אין רואיקייט— שטיל.

דאַן האָבן מיר שטאַרקער די בויגנס געצויגן
און פייל איז געפלויגן
אין גלי און אין ברען, —
עס זענען געבליבן אין אַנגסטן פאַרצויגן
אַף אונדזערע ערדן
פון ווייסע אַ צען.

און די וועלכע זענען אין לעבן געבליבן
זענען פון דאַנען
אַוועק ערגיץ ווייט,

מיר האָבן פון דאַן ניט געזעען קיין ווייסע.
אַזוי איז אַוועק
שוין אַ לענגערע צייט.

און איצט איז שוין ווידער:
זיי זענען שוין נאָענט,
און, ווייזן ווייזט אויס, אַז זיי זענען גאָר פיל,
מיר דאַרפן זיך גרייטן,
מיר טאָרן ניט וואַרטן,
מיר דאַרפן ניט שווייגן שוין מער אין דער שטיל.

צום קאַמף אָ איר ברידער!
צום קאַמף אָ איר שוועסטער!
די ווייסע, די ווייסע, מיר קענען שוין זיי!
לאָמיר איצט קלייבן אַ פירער אַ נייעם
און זאָל אונדזער פירער
זיין האַטואיי!

האַטואיי!!! האַטואיי!!! — האָבן אלע געשריגן
אין שטאַרקייט פון טומל
אין גרויסן באַטיי.
זאָג אונדז:
וואָס דאַרפן מיר טאָן, ווי זיך גרייטן,
דו ביסט אונדזער פירער,
דו העלד האַטואיי!

איך בין אײער פירער—
אין גלײכקײט פון אלע,
דאס לעבן צו געבן פאַר אונדזערער זאַך!
דאס ערשטע:
מיר דאַרפן פון הײנט אָן און װײטער
אַלע װי אײנער—דאָ זײן אַף דער װאַך.

דאס צװײטע:
מיר דאַרפן איצט שיקן מרגלים
װאָס זאָלן אין קלאָרקײט אַזױ זײן צעשפּרײט,
אַז זײ זאָלן שטענדיק
אונדז געבן צו װיסן
אַף װיפל עס זענען די װײסע שױן גרײט.

דאס דריטע:
מיר דאַרפן פאַרגרײטן מאַקאַנעס,
און שאַרפן די פײלן—װאס שפּיציקער שאַרף,
פאַרגרײטן קאַסאַװע,
מאַאים און אַנאַנעס
און אַלץ, װאס דאס טעגליכע לעבן באַדאַרף.

מיר דאַרפן אױך געבן פון אַלעם צו װיסן
צו אלע קאַסיקעס
אין װײטקײט פון לאַנד,

און בעטן זיי הילף, און זיי געבן דערקלערן,
ס'איז נויטיק:
איין שטאַרקער און פעסטער פאַרבאַנד.

און אַלע פאַר איינעם
און איינער פאַר אַלע,
און האַנט צו אַן האַנט און עס וואַקסט אויף אַ מאַכט,
פון האַרצן צו האַרצן
אין ריינע געפילן, —
און מיר'ן ענדגילטיק געווינען די שלאַכט!

---

## V

ס׳האָט זון זיך צעגאָסן,
די ערדן פאַרגאָסן
און ריטשקעס צעגאָסן פאַרבלענדעט אין לופט, —
עס ווילט זיך דאָ בלייבן אין אייביקן חלום
און שעפּן די זונשיין
ווי רויזיקע דופט.

ס׳איז זונשיין אין זונשיין,
ס׳איז אַלץ און ס׳איז גאָרנישט!
עס גייען אויף טויזנטער זונען אין ברוסט!
ניטאָ דאָ קיין טרויער,
ס׳איז זוניקער טרויער
און פריידן — אין פריידן פון זוניקער לוסט!

עס דאַכט זיך אַז אַלץ
איז אַ חלום אין וואונדער, —
ס׳איז טיפקייט און ווייטקייט, נאָר אַלץ איז ערררייכט;
די ערד און דער הימל,
ווי גאָרניט באַזונדער,
דער הימל פון אויבן — ער הייננט אַזוי לייכט.

דער הימל,
ער רייצט מיט זיין צאַרטקייט און ריינקייט,
עס נאָגט אַזש ביים האַרצן אים געבן אַ גלעט,
אַזוי ווי אַ מיידל, אַ כלה אין צניעות,
אין אומשולד, אין ריינקייט
ביים ראַנד פון דעם בעט.

עס הויבט פון דער ערד און עס ציט צו דעם הימל
צו פליען אַזוי זיך,
גאָר אָן אַ פאַרוואָס, —
אַהין אין די רוימען
צו זוניקע הויכן
און פאַלן דערנאָכדעם אַף ווייכקייט פון גראָז.

ס'איז העלקייט! ס'איז יוגנט!
ס'איז פייער! ס'איז טראָפּיק!
און קומט אָן אַ שאָטן, איז ער דאָ ניט טריב!
נאָך בעסער!
אָט דאָרט, וואו ס'איז זוניקייט העליש,
איז דאָרטן דער שאָטן מער טייער און ליב!

אין טונקל פון שאָטן פון טראָפּישע בוימער
האָט יעטווידער איינער
אַ געטליך געזיכט,

וואָס טונקלער דער שאָטן , אַלץ בעסער צו זעען
די שיינקייט , די פּראַכט
פון דער טראָפּישער ליכט !

דער טאָג איז אינמיטן ,
ער שמייכלט אין יוגנט ,
דער ים איז אויך זוניק ביים ברעג מאַאיסי ,
עס זיצן אין שאָטן
אַצינד סיבאָנייער
און רוען זיך אָפּ פון דער טעגליכער מי .

זיי זיצן און רעדן :
דער וויסער איז נאָענט , —
מע דאַרף נאָך פאַרגרייטן קאַסאַווע , מאַאיס ,
זיי זיצן און שמייכלען
און ווייסן אַליין ניט
פאַרוואָס ס׳איז אַ טאַנץ דאָ אין זייערע פּיס .

פאַר וואָס און פאַר ווען ?
איז ניטאָ וואָס צום פרעגן , —
די זון מאַכט דאָ יעדן פאַרגעסן , פאַרשייט ;
כאַפּן זיך פלינקע פון רו סיבאָנייער ,
צו שפּילן אין באַטאָס
געקומען די צייט .

זיי טיילן זיך אַיין אין צוויי גרופּן פֿאַרשידן,
און מענער און פֿרויען
צעטישט אין דעם קאָן,
עס שטייט האַטוואיי אַזוי פֿריידיק פֿאַרגעסן
אַ שמייכל, אַ צייכן, —
די שפּיל הויבט זיך אָן.

אַ פּוס טוט אַ הויב זיך.
דער באָל אין דער לופֿטן.
דער באָל אין דער לופֿטן—אַ קלינגנדע שטים,
אַ פֿלינקייט אין שפּרינגען באַגלייט אין געלעכטער
די גרופּע די צווייטע,
זי לויפֿט שוין פֿאַר אים.

דער באָל—אָט, אָט פֿאַלט ער,
נאָר ניין! ער פֿאַלט נישט.
ער פֿאַלט ניט, און פֿרעגט ניט, ווי גרויס איז דאָס גליק;
ס'האָט איינער געטאָן אַזאַ שפּרינג אין דער לופֿטן,
און שוין!
סע פֿליט שוין דער באָל אַף צוריק.

אַהינצו — אַערצו
דער באָל ווי אַ פֿויגל,
פֿליט ווי אין וואונדער אַזוי נאָכאַנאַנד.

ס׳איז זוניקער הימל,
ס׳איז זוניקע שפּילן, —
ס׳איז זוניקע מענטשן אין זוניקן לאַנד!

האַטואַיי שפּרינגט אין לופטן
אין שיינע פיגורן
און אַלע אין וואונדער אין פריידיקן קול,
נאָר פּלוצים—וואָס איז דאָס?
און אַלע פאַרוואונדערט, —
האַטואַיי האָט דערלאָזן צו פאַלן דעם באָל.

זיי קוקן צום באָל,
פון דעם באָל—נאָך זיין בליק נאָך, —
זיין בליק איז געווענדעט אַהינצו צום ים,
אָט דאָרט, וואו די זון
גייט אַרונטער אין פייער
שוואַרצט זיך אַ פינטל אַרויס פון דעם פלאַם.

דאָס פינטל—קיין פינטל,
אַ שוואַרצקייט – אַ קעפּל,
עס ווייזט זיך אַ שיפל אַזוי ווי באַקענט,
ווער פאָרט עס אין שיפל?
ווער פירט עס דאָס שיפל
זוי מיט געניטע דערפאַרענע הענט?

עס שמייכלט דאָס שיפל
און רעדט פון דער ווייטקייט ,
און שניידט זיך אין שאַרפקייט אַזוי ווי אַ פייל , —
דאָס פאָרן מרגלים — זיי פירן ידיעות ,
וואָס טייער פאַר זיי
איז אַ יעטווידער ווייל .

דאָס שיפל שלאָגט אָן זיך אָן ברעג
און בלייבט שטייען ,
און אַלע ביים ברעג—אומגעדולדיק פאַרגאַפט ,
שפרינגען פון שיפל אַרויס באַלד דריי מענער ,
דריי סיבאָנייער —
פול לעבן און קראַפט .

קיין סך צו דערציילן ,
קיין נייעס צו זאָגן
נאָר צייט צו פאַרלירן—האַטואיי ניט פאַרליר !
עס זענען פאַרגרייט שוין
פיר שיפן , פיר גרויסע , —
עס קומען די מענטשן פון ווייסן קאָליר.

זיי קומען שוין מער ניט
דאָס לאַנד צו באַקוקן ,
נאָר קומען שוין נאָר צו פאַרבלייבן אַף לאַנג ,

זיי מיינען —
פיל גאָלד איז ביי אונדז דאָ פאַראַנען
און מענטשן — צום שקלאַפן אין פיין און אין צוואַנג.

האַטואיי האָט געהערט
ניט מיט טרויער אין אויגן,
ניט טרויער, וואָס איז פאַר דעם קאַמף ווי אַ סם,
נאָר ער איז געווען
אינגאַנצן פאַרצויגן
אַזוי ווי אין העלישן דורשטיקן פלאַם.

אָ, ברידער און שוועסטער!
עס קומט אָן די שעה!
די ווייסע שוין נאָענט — זיי קומען אַער!
טאָ לאָמיר זיי ווייזן,
אַז מיר זענען שטאַרקער,
אַז מיר זענען שטאַרקער פון זייער געווער.

זיי קומען אַערצו, איר ווייסט סיבאָנייער —
געטריבן ווי שטענדיק
פון טייוולשן דראַנג, —
דאָס גאָלד צו געפונען,
דאָס גאָלד צו פאַרנומען —
דאָס איז זייער טייוולשער, ליבסטער פאַרלאַנג!

טאָ לאָמיר גאָר נעמען דאָס גאָלד
און פאַרניכטן,
אַז קיינער זאָל קיינמאָל ניט גרייכן דערצו,
דאַן וועלן זיי קומען —
קיין גאָלד ניט געפונען
און וועלן אַוועק און אונדז לאָזן צורו.

טאָ הערט זשע זיך איין
און פאַרנעמט מיינע ווערטער:
לאָמיר איצט אַלע, אַזוי ווי איין מאַן
אַף איין אָרט פאַרזאַמלען
די גאָלדענע שטיקער,
וואָס זענען אין אונדזערע ערטער פאַראַן.

און מאָרגן פרימאָרגן,
ביים אויפגאַנג פון זון,
ווען צאַרט אין פרימאָרגן וועט זיין נאָך די שיין,
וועלן מיר אַלע ביים ים זיך פאַרזאַמלען
און וואַרפן דאָס גאָלד
אין דעם וואַסער אַריין.



אַף מאָרגן פרימאָרגן האָט יעדער ביים אויפשטאַנד
געפילט ווי אין האַרצן איז גרויס אים אַ פרייד,
ס'האָט יעדער געפילט, אַז מ'גייט טאָן גאָר גרויסעס,
וואָס ס'האָט נים געלאָזט זיך דערקלערן אין רייד.

און מענער און פרויען און קלייניגקע קינדער
אַף וועג פול אין זוניקע שטראַלן געשפּאַנט,
דאָס לייב אויסגעפּאַרבט אין די פּרעכטיקסטע בלומען,
און יעדער — אַ קוישל מיט גאָלד אין דער האַנט.

ביים ברעג שטייט אַ פעלז, וואָס ער רייסט זיך צום הימל
און קוקט אַזוי איינזאַם און שטאָלץ צו דעם ים, —
שטייען דאָרט פעלזיק אַצינד סיבאָנייער,
ס'איז גאָלד און ס'איז מענטשן און זוניקער פלאַם.

אונמיטן פון אַלע, ווי געטליך אין שטראַלן
שטייט האַטואיי אַזוי ריזיק צעשפּרייט
און הויבט אויף אַן האַנט צו דער בלויקייט פון הימל
סיבאָניי, סיבאָניי!
אָ, פאַרנעם מיינע רייד!
די ווייסע! די ווייסע!

מיר האָבן געמיינט,
אַז זיי קומען פון הימל
אַף אונדזער געבאָט, —
מיר האָבן געמיינט, אַז זיי קומען צו שטילן
דעם פּייַנליכן ווילן
פון שלעכטס און פון בייזקייט—
שלוחים פון גאָט!
זענען זיי זעלבכט נאָך פיל ערגער און בייזער,
דאָס ערגסטע,
וואָס ס'האָט נאָר די וועלט ווען געהאַט.

זיי נוצן אוים דאָס,
וואָס מיר זענען אין פרידן
און האָבן קיין וואַפן,
און זאָגן:
זיי האָבן אַ רעכט אַף די ערדן,
אַף אונדזערע זוניקע, בלומיקע ערדן
און ווילן אונדז מאַכן פאַר זייערע שקלאַפן.

זיי רעדן צו אונדז פון אַלמעכטיקן גאָט,
אַ גאָט,
וואָס איז שלום און גלייכקייט און רו, —
און רויבן גלייכצייטיק ביי אונדז צו די ערדן
און ווילן דאָס לעבן ביי אונדז נאָך דערצו.

זיי רעדן צו אונדז
פון אומשטערבליכן לעבן,
פון לוינען—פאַר גוטסקייט,
פון שטראָפן — פאַר זינד, —
און שענדן גלייכצייטיק דאָ אונדזערע פרויען,
פאַרפעכטן אין אומשולד ביי אונדז אונדזער קינד.

אָבער זיי זענען ווינציק;
און מיר! —
אָן אַ שיעור!
מיר אָט אַ דאָ אַף דער אייגענער ערד
מיט אַ גרויסן, פאַר אַלעמען אייביקן גאָט,
וואָס גלייכקייט און ליבשאַפט —
דאָס איז זיין געבאָט!
און זיי?! —
זיי אין דער פרעמד
מיט אַ בלוטיקן גאָט,
וואָס האָט בלוטיקע הענט.
איין האַנט האַלט אַ קוישל מיט שטיקער פון גאָלד.
די צווייטע—אין בלוט אַיינגעטונקען אַ שווערד.

און האַטואיי איז געשטאַנען צעשפרייט און פאַרבלענדט
אַ קוישל פון בלעטער
געהאַט אין די הענט —
געשטאַנען צעשפרייט ווי ווי אַ בראָנזענער ריז

מיט אָדלערשן בליק,
וואס איז שאַרף ווי אַ שפּיז,
דאס קוישל פאַרהויבן אַזוי אין דער הויך
און פול איז דאָס קוישל געווען מיט גאָלד.
סיבּאָניי, סיבּאָניי!
קוק נאָר אָן אָט דאס גאָלד!
דאָס נידערטרעכטיקע גאָלד —
אָט דאָס איז זייער גאָט!
דאס איז זייער האַר,
און זייער סעניאָר!

און געשטאַנען אַזוי זענען מענטשן אָן צאָל
מיט פלאַמיקע אויגן, מיט אָרעמס פון שטאָל
די קוישלעך מיט גאָלד אַף פאַרהויבענע הענט
און צו האַטואייען אַזוי זיך געווענדט:
מיר זען, מיר זען
דאס איז זייער גאָט!

און ס׳האָט האַטואיי אין זיין פעסטקייט געזאָגט:
סיבּאָניי! סיבּאָניי!
דאס גאָלד האט אין זיך אַזאַ טייוולשע מאַכט,
לאָמיר פארשטויסן אַף אייביק דאס גאָלד!
טאָ הערט וואס איך זאָג:

פאַרגליווערט זאָל ווערן דאָס אויג וואס וועט זוכן
די ערדן צו שפּיזן —
געפונען דאס גאָלד !
פאַרגליווערט זאָל ווערן די האנט וואס וועט וואַגן
פון היינט אָן און ווייטער
באַרירן דאס גאָלד !
און קרעציק זאָל ווערן דאָס לייב וואס וועט טראָגן
אַ גאַרטל אַלס שיינקייט
אין צירונג פון גאָלד !

און ס'האָבן פאַרהויבן די הענט סיפּאָנייער
און אַלע אינאיינעם
אַזוי ווי איין מענטש :
מיר שווערן !
מיר שווערן !
ביים סעמי ביים גרויסן ,
וואָס הערשט אַף די ימים
און הימלען און ערדן ,
קיינמאָל באַגערן
דאס גאָלד וואס איז בלוטיק ,
דעם גאָט פון די ווייסע ,
דעם גאָט פון די שווערדן !
מיר שווערן , מיר שווערן
דאס גאָלד ניט באַרירן ,

אין גאָלד זיך ניט צירן!
ס'איז טייוולש דאס גאָלד!

און ס'חאט האַטואיי
זיי אין שטאָלץ אָפּגעענטפערט:
אָ ברידער און שוועסטער
איך ווייס איר פאַרשטייט!
טאָ לאָמיר דאָס גאָלד
טאַקע נעמען אַצינדער
און וואַרפן אין ים!
ווייל נישטאָ איז קיין אָרט,
וואס זאָל זיין מער פאַרבאָרגן
ווי דער פינסטערער ים!
ווייל וואָלטן מיר גאָר שוין דאס גאָלד
אײַנגעשלינגען,
ס'איז אין די געדערים — דאָס פינסטערסטע אָרט,
וואָלטן די ווייסע די בייכער אונדז שניידן
און וואָלטן דאס גאָלד אויך געקראָגן פון דאָרט.

און ס'האט האַטואיי באַלד פאַרהויבן די הענט
און אַלע געטאָן האבן באַלד אויך אַזוי, —
דער ים איז געווען אַזוי רואיק און שטיל,
דער הימל פון אויבן—אין קלאָרקייט און בלוי, —
נאָר ס'האָט זיך צעשיט אַזאַ רעגן פון גאָלד...

# VI

דער ים איז בלוי.
דער ים איז בלוי און אונענדליך און ווייט.
דער ים איז פראַכט!
דער ים דאס איז דער תהום,
די טיפקייט, די פאַרפאָרגענהייט,
די שטאַרקסטע מאַכט! —
דער ברעג איז שטיין,
דער ברעג איז קליין,
עס דאַכט זיך, אַז דער ים
ער רעדט צו זיך אַליין:
שוין יאָרן, יאָרן לאַנג,
אַן אייביקייט, —
איך קלאַפּ זיך אַלץ דאָ ביי דעם שטיין
און קען אים ניט צעקלאַפּן.
דער שטיין —
איז קליין,
און כח ווינציק איז אין זיין פאַרמעג,
און דאָך!
און דאָך פאַרשטעלט ער מיר דעם וועג

צו בריטקייט, אייביקייט און צו אונענדליכקייט!
און ס׳דאַכט זיך אַז דער ים —
ער רייסט אַרויס אַ כעס
פון טיפסטער טיפעניש פון זיין תהום
און שלאָגט זיך אָן אין ברעג
מיט זיינע כוואַליעס ליפּן,
און אַף די ליפּן זיינע איז אַ ווייסער שוים.
און ס׳דאַכט זיך, אַז אָט דאס איז עס די רעטעניש
וואס נאָגט דעם מוח פון דעם מענטשן־קינד, —
די רעטעניש
פון אייביקייט, פון מאַכט און צייט.
אוז דאָך!
דער ים איז אומשולדיק און ווייס פון גאָרניט.
אַמאָל פירט ער אַ שיפל סיבאָנייער
אין פרידליכער צופרידנהייט
פון פיש־געפאַנג,
און ס׳איז דאָס שיפל פול געזאַנג.
אַמאָל
פירט ער אַ שיפל קאַריבייער.
דער זעלבער ים דאס שיפל שיפט,
כאָטש ס׳איז דאס שיפל פול מיט גיפט.

אָ ים, דו ים
פאַרוואס ווייסטו פון גאָרניט?..



און איצטער פירט דער ים אַזוי
פיר גרויסע שיפן.
און וואָלט דער ים געהאַט אַ האַרץ
אין סיבאַנייאישן געפיל,
וואָלט ער די שיפן, אָט די פיר
ניט געלאָזט זיי שווימען אַזוי זיכער,
אַזוי רואיק, אַזוי שטיל.
וואָלט ער פאַרשטאַנען אָט דער ריז
דעם מענטשן קליינטשיקן,
וואָס טראָגט די ווילדקייטן די ריזיקע,
די בלוטיקע,
וואָלט ער פאַרשטאַנען אָט אַ דאָס
דער ריז, דער ים,
וואָלט ער געהאַט כאָטש אַ באַגריף,
וואָלט ער אַצינד צעריסן אַלע כוואַליעס —
און וואָלט זיך טאָן אַזוי אַ דריי אַריבער
און וואָלט די שיפן, אָט די פיר
פאַרזונקען אין דער טיף!..
ווייל אין די שיפן פאָרן איצט
דריי הונדערט ווייסע מענטשן.
זיי פירן אַלע אין די אויגן
גזילה, גנבה און רציחה.

זיי פאָרן איצט צו פרעמדער ערד,
וואס איז אין ליבע און אין גליק
נאָר איינגעטונקען.
און יעדער שאַרפּט אין האַרצן אָן אַ שווערד
און אין די בליקן —
צינדן זיי פאַר׳סם׳טע פונקען.
און אין שפּיץ פון זיי,
דער קאַפּיטאַן
דאָן דיעגאָ דע וועלאַזקעז.
ער שטייט צעשפּרייט
און גדלות נישטיקער און קליינליכער,
און ס׳איז דער ים ביי זיך אַזוי
ניט גרויס און ברייט —
אַזוי שטייט ער צעשפּרייט,
און בלאָזט זיך אָן מאַסיוו
און קוקט אַזוי אַף דעם שפּאַקטיוו
און זעט:
ס׳איז קובאַ לאַנד.
ס׳איז דאס לאַנד פון סיבאָניי.
ס׳איז דער הימל בלוי און ריין
און די ערד איז גרין און שיין,
און דער הימל און די ערד —
ביידע אינאיינעם—אומשולד צווילינג
ווי אַ מיידל —
און דעם אָנקום פון איר פרילינג.

נאָר אַף דער שיף דער ווייסער מאַן
שטייט אַזוי ווי אַן אַלפאָנז,
אַ טערקישער סולטאַן
און הויבט דער ערד אין אומשולד אירער
ווי אַן אָפגעגנאַרטער, צאַרטער מיידל
אויף דאס קליידל,
און ער טאַפּט אַרום מיט בליקן
און מיט ליפּן פול אין סלינע
אַלץ אין אירן שיינעם קערפּער,
און ער שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע
אַף דער יוגנט,
אַף דער יונגקייט פון איר ברוסט,
און לעקט זיך חיה'ש אָפּ די ליפּן, —
ס'האט צערייצט זיך אים די לוסט!
ער האט שוין חשק!
אָט אַזוי שטייט ער —
דער דאָן דיעגאָ דע וועלאַזקעז
און קוקט אַף קובאַס ערד.
ער האט שוין חשק!
אָט שוין באַלד
זיך טאָן אַ וואָרף אַזוי מיט זיינער ווילדער גבורה
און נעמען זי מיט גוואַלד.

און די מענטשן די דריי הונדערט,
ווי אין גליווער,

ווי אין ציטערניש פאַרוואונדערט
קוקן שטאַר און ווייט.
און זיי שטשירען אויס די אויגן,
ווילדע אויגן מיאוס און גייציק.
מענטשן! גיט מיר טויזנט בעכער!
אָט, אָט וועלן נאָר די אויגן
זיי אַרויס באַלד פון די לעכער!
און פון אָט די מיאוסע אויגן
ווי פון טראָפּיש גרויסע שפּינען
אַז מע נעמט און מע צעקוועטשט זיי —
וועט אַ פליסיקייט צערינען!
און די פליסיקייט איז גיפטיק,
וועט פאַרפעכטען נאָך די ערד...

נאָר זיי שטשירען אויס די אויגן
מערער, מערער און נאָך מערער.
מענטשן ווילדע, מיאוסע מענטשן,
זאָגט!
וואָס ווילט איר דאָרט דערזען?!
קופּעס גאָלד?!
קופּעס גאָלד און בריליאַנטן,
און די שענסטע דיאַמאַנטן
און סאַפּירן —
בלוי קאָלירן?!
יאָ!

אָ, יאָ, עס איז פאַראַן!
און נאָך מערער ווי איר מיינט.
ס'איז אַן הימל דאָ פאַראַנען
איז ער בלויער ווי סאַפירן!
ס'איז דאָ ערד און ים פאַראַנען
פון די פרעכטיקסטע קאָלירן!
און דער עיקר:
גאָלד דאָס בעסטע, גאָלד דאָס ריינסטע,
וואָס איר האָט נאָר ווען פאַרשטאַנען, —
ס'איז דאָ מענטשליכקייט פאַראַנען!
ס'איז די ליבע דאָ מער שענער,
ווי די שטיינער-בריליאַנטן!
און די ערליכקייט און פריינדשאַפט —
ערליכער ווי דיאַמאַנטן.

נאָר די מענטשן די דרייהונדערט
קוקן בייז און ווילד-פאַרוואונדערט, —
כ'האָב פאַרגעסן!
כ'האָב פאַרגעסן!
אַז איר אַלע די דרייהונדערט
האָט פאַרלאָזן אייערע ווייבער,
אייערע קינדער,
אייערע היימען
און איר ברענגט עס דאָס קרבנות,

איר זענט מקריב אַזש דאָס לעבן
און איר פֿאָרט צו פֿרעמדע ערדן,
און ס'איז אײַער חוב פֿאַרשפּרייטן —
ליבע פֿון איין מענטש צום צווייטן.

נאָר וואָס קוקן די דרייהונדערט
מערער ווילדער און פֿאַרוואונדערט?
עפּעס קלינגט עס ווי כּלי-זין.
אָ, וואָס טראָגט איר גאָר כּלי-זין?!
אָט די ביקסן?
אָט די שפּיזן?
און וואָס גייט איר דאָס געפּאַנצערט
ווי צום קאַמף?
איר גרויסע ריזן!

און זיי אַלע —
פּונקט ווי איינער
ניט זיי שטשירען נאָר די אויגן,
נאָר זיי שטשירען אויך די ציינער.
און די שיפֿן פֿאָרן, פֿאָרן.
לאַנגזאַם, שטילער,
ווי גנבֿ'יש.
און פֿון ווייטן ליגן ערדן
פּעט באַוואַקסן און פֿאַרזייטע
ווי די שעפּעלעך נאָך פּאַשע
אַף דער זוניקייט צעשפּרייטע.

און די שיפן ווי זיי פאָרן,
דאַכט זיך אוים:
אַז יעדער שיף איז ווי אַ ווילד
באַטראַכטער טיגער, —
ער גנב'עט שטיל זיך צו צום קרבן,
באַלד זיך נעענטער צו רוקן,
און באַלד וועט ער זיך אַזאַ וואָרף טאָן
מיט זיין גאַנצער ווילדער גבורה
און דאָס שעפעלע
פאַרצוקן.

---

## VII

די שיפן שווין צו צו דעם ברעג.
דער ברעג איז אַ פוסטער.
עס דאַכט זיך ס'אַ פוסטער און עלנטער געגנט.
וואו זענט איר, וואו זענט איר
אָ, איר סיבאָנייער?
וואס האט איר די ווייסע מיט טענץ
נית באַגעגנט?!
איר ווייסט, ווער עס קומט אָן
צו אייך אַף די ערדן?
מענטשן, וואס האָבן ליב טענץ און געזאַנגען,
ווען זיי אַליין שניידן די העלדזער
מיט שווערדן.

עס זענען די מענטשן אַראָפּ פון די שיפן.
וואָס בויגן זיי עפּעס זיך אָן צו די ערדן?
און שטעכן מיט ביקסן,
און שטעכן מיט שפּיזן
אין ערדישער טיפקייט?
וואָס זוכן זיי דאָרטן?!

אָ, ווייסע, איר ווייסע!
און דו, דאָן וועלאַזקעז,
וועל איך, אפשר, שטילן איצט אייער געמיט?!
צי זוכט איר ניט דאָ אַף די געטליכע ערדן
פון אײַערע ברידער —
די שמוציקע טריט?
דאָ איז שוין געווען
סעבאַסטיאַן דע אָקאַמפּאָ,
געווען אַרום און אַרום פון דעם לאַנד!
דאָן דיעגאָ וועלאַזקעז, דו ווייסט ווער ער איז!
סעבאַסטיאַן דע אָקאַמפּאָ —
מוז דיר זיין באַקאַנט.
ער איז אין זיין היים נאָך
פון שפּאַנישער הערשאַפט,
געווען אַ מערדער, פאַר׳משפּט צום טויט!
נאָר ס׳האט דאָך דער קייזערליך
האַרציקער גנאָד
פון איזאַבעלען
און פון פערדינאַנד,
ניט געקענט זיך ערלויבן אים געבן דעם טויט.
האבן זיי דאַן אים אַן הייליקע מיסיע פאַרטרויט
צו פאָרן אַער אין דעם אינדישן לאַנד.
ס׳איז אויך דאָ געווען אַ צווייטער!
אַ צווייטער
פאַרשפּרייטער

פון ליבע און גליק —
בערנאַנדין דע טאַלאַוועראַ.
ער איז געלאָפן פון די טורמעס ווי אַ האָז.
וואָס האט איר אים געטריבן, ווייסע?
ער איז געקומען דאַך אַערצו אין די לענדער
גלייך
מיט אַייך
האָט ער אַמאָל געהאט אַ טעות,
ווען ער האָט די שווערד געצויגן
און עס האט דאָס בלוט דאָס אינדיש
אים אַמאָל פאַרשפּריצט די אויגן;
נו האט ער געמאַכט אַ טעות
און אַ ווייסנס לייב געשניטן.
נו, האט איר איר אים אויסגעמיטן
און איר האט אים שוין פאַרטריבן,
ווייל איר זענט אַזוי דאָך זויבער
און האט פיינט די מערדער, רויבער.
יאָ!
זיי זענען דאָ געוועזן,
דאָן דיעגאָ דע וועלאַזקעז!
זיי האָבן דאָ שוין בלוט פאַרגאָסן
און געשענדעט דאָ פיל פרויען!
עס ווייסן שוין די סיבאָנייער
אַז מ'טאָר שוין אַייך ניט טרויען.
זענען זיי געווען געניטער,

ווען געקומען איז אַ דריטער —
וואַלדיוויע.
האָבן זיי שוין ווי רעבעלן
אים באַגעגנט;
און ס'איז דאָ אַזאַ מין געגנט,
וואו מע זעט נאָך די צעשטערטע
קאַראַבעלן.



נאָר וואָס קוקסטו, דאָן וועלאַזקעז?!
נאָך ניט שטיל איז דיין געמיט?
כ'האָב דערציילט דיר אַלץ און אַלעס
פון די ברידער דיינע ווייסע
און אַנטפּלעקט פון זיי די טריט!
און איר מענטשן, איר דרייהונדערט,
ווידער קוקט איר מיר פאַרוואונדערט,
נאָר, אפשר, וואונדערט איר זיך אַלע
אָף דער פרייקייט פון אַרומען?
ווייל עס האָבן אייך די הערשער
ערשט אַרויסגעלאָזט פון טורמעס
און געטאָן אַייך אַלעס מוחל?!
אַלע גנבות,
אַלע חובות
אַלע ווילדע מערדערייען,

אַז איר זאָלט אַערצו קומען,
און איר זאָלט בײַ סיפּאָנייער
פון נשמות שלעכטס באַפרייען!
און איר זאָלט עס זיין די רעטער
פון די נאַריש-פאַלשע געטער
און זיי לערנען ליבע.
הער זשע אַיין זיך, דאָן דיעגאָ!
און איר מענטשן, איר דרייהונדערט,
קוקט מיך מער ניט אָן פאַרוואונדערט!
ווער איר זענט און וואס איר ווילט דאָ,
ווייסט שוין יעדער סיפּאָניי —
און זיי האבן אויך אַ פירער
מיט דעם נאָמען:
האַטואיי.

# VIII

וועלאַזקעז האַט עפּעס זיך יונגער געפילט, —
אויך אים האָט פאַרכישופט די טראַפּישע דופט,
און ער איז געשטאַנען אַזוי ווי צעראַשט
און פריידיק געאָטעמט די טראָפּישע לופט.

די פּאַלמעס דערציילן פון ווירדיקן שטאָלץ —
אַ פויגל פליט דורך אין וואונדער קאָליר
און זינגט אויס אַ ליד פון דער פרייקייט אויף ערד
הימל און ערדן און פריידן - שפּאַציר.

דער הימל דערציילט פון אַ צאַרטקייט אַזאַ,
די בוימער נאָר ווינקען אין ערליכן גרין,
און עפּעס אַ וואונדער, וואָס איז מיט זיין האַרץ?!
עס נאָגט אים און ציט אים צו שטילקייט אַהין.

ס'איז פרי נאָך געוועזן אין זוניקער שיין
און אַלץ האָט מיט צאַרטקייט פאַרשיכורט דעם בליק
און ס'האָט ווי געצוואונגען צו טראַכטן פון רו,
ווי גרויס עס קען זיין דאָ דאָס מענטשליכע גליק.

נאָר ס'האָט זיך וועלאַזקעז געכאַפּט בײַ דעם קאָפּ —
צי איז ער, חלילה, ניט עפּעס גאָר קראַנק?
ווי קומט עס צו אים גאָר אין אָט אַזאַ שעה
אַזאַ־מין־אַ קינדישער, פּוסטער געדאַנק?

ער קומט דאָך אַערצו אַצינד און דעם לאַנד
אום ברײַנגען צום לעבן דאָס הייליק געבאָט,
ברײַנגען צו מענטשן וואָס זענען נאָך ווילד
דעם גרויסן, אַלמעכטיקן, אמת'ן גאָט.

און ער האָט מיט פּעטקייט געשמייכלט צו זיך,
אַ פּייערל האָט זיך געטאָן ווי אַ צינד, —
זיי מוזן נאָך דינען צו געצן אָט דאָ
ווי גרויס, אָ, עס זענען פון ווילדע די זינד!

און ער האָט נאָך טראַכטן געוואָלט אַזוי מער,
נאָר ער האָט צום טראַכטן זיך איצט ניט געשפּירט —
און ס'האָט אַלץ אין האַרצן גענאָגט אים אַזוי,
ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס ס'האָט אים גערירט.

ער האָט ניט געוואוסט מיט זײַן פרייד וואָס צו טאָן,
ס'איז עפּעס אַריין אים, ווייזט אויס, אין דעם בלוט —
נאָר דאָך האָט ער ענדליך אַן אויסגאַנג דערטאַפּט,
עסן און טרינקען איז איצט אַזוי גוט.

און ער האָט די מענטשן באַפֿעלן אַזוי
דעם טיפֿן געדאַנק אין אַ פֿראָסטן פֿאַרשטאַנד:
קוילען צוויי אָקסן און בראָטן זיי שנעל
צו פֿייערן אָנקום אַער אין דעם לאַנד.

און ס'האָט פֿון אַ שיף באַלד צוויי אָקסן געפֿירט
זיי זאָלן באַטריטן די טראָפּישע ערד,
און איינער האָט גליקליך מיט פֿרייד זיך געכאַפּט —
אין אָקסישע הערצער פֿאַרבלוטיקט זיין שווערד.

ס'איז פֿלייש שוין געבראָטן. און אַלע דרייהונדערט
זיצן אַרום ביי דעם פֿייער, וואָס ברענט
און גיריק, פֿאַרסלינעט זיי רייסן דאָס פֿלייש
און ס'רינט זיי דאָס פֿעטקייט אַרום אויף די הענט.

מיט גיריקע אויגן מיט חיה'שע ציין
און יעדער האָט חיה'ש פֿאַרבלוטיקט זיין מויל.
האָט יעדער געעסן געזונט און געשמאַק,
געענדיגט דאָס עסן פֿאַרשלאָפֿן און פֿויל.

וועלאַזקעז אַליין איז געווען אַזוי זאַט
און האָט זיך פֿון זאַטקייט דעם בויך אַזש געגלעט,
און איצט אַז עס האָט אים גענאָגט שוין זיין האַרץ
האט ער שוין פֿאַרשטאַנען — אַ פֿוכיקע בעט.

נאָר ס'איז דאָך קיין בעט אָט אַ דאָ ניט געווען ,
מ'זעט ניט קיין אינדישע שטוב אין ארום
נאָר פּלוצים האָט ער זיך געכאַפּט אַ געדאַנק ,
און איז ווי געבליבן אַ ווילע אַזש שטום.

ווי קומט עס, וואָס ער האָט ניט פריער באַטראַכט
און האָט גאָר קיין מיטל גענומען דערצו —
עס קענען די אינדיער קומען אַער
און שטערן נאָך מאָלצייט די איידעלע רו.

און ער האט געזאָגט: אָ, איר מענטשן שטייט אויף,
שיסט אוים פון די ביקסן, פאַר ווילדע אַ שרעק —
עס זאָל זיך צעטראָגן אַ שרעקליכער ציטער
וואס זאָל אין די אינדישע וויטן אַוועק.

און גייט צו די שיפן און ברענגט אַלע פערד
און פירט זיי אַער אַף דער פאַשע אַרוים ,
ווייל דאס איז דאס ערגסטע פאַר אינדישער שרעק—
פאַר פערד איז די מורא ביי זיי אַזוי גרוים !

ווייל דאס איז דאס ערשטע , וואָס מיר דאַרפן טאָן —
פאַר אונדז איז דאָס שרעקן דאס בעסטע געווער,
כאָטש אַז מע וועט דאַרפן די ביקס און די שווערד
וועט אונדז דאָך אַוודאי ניט זיין אַזוי שווער .

ווער ווייסט ? אפשר זענען זיי ערגיץ ניט ווייט
און מיר האָבן גאָר זיך פאַרגעסן אָט דאָ,
מיר וואָלטן שוין אפשר געדאַרפט עפּעס טאָן
ווייל טייער, אָ טייער איז אונדז יעדע שעה.

און וואָלטן די ווייסע געקוקט מער אַרום,
נאָר קיינער וואָלט פּייאיק געווען צווישן זיי
אַנטדעקן דאָס אָרט, וואו ס'איז איינער אַליין
געשטאַנען דער מאַן וואָס מע רופט האַטואיי.

האַטואיי איז געשטאַנען אין בוימער געדיכט,
די בּלעטער אין שטילקייט ווי קוים זיי באַרירט—
געקוקט אַף די ווייסע, די פויסטן געשטייפט
און האט זייער צאָל, זייער מאַכט אויסגעשפּירט.

און וואָלטן די ווייסע די אינדיער זוכן —
כאָטש נאָענט פון זיי איז געווען מאַאיסי,
וואָלטן זיי קיינעם אין ישוב געפונען,
צו בּערג און צו וועלדער אַוועק נאָך פון פרי.

האַטואיי האט געקוקט אין זיין האַרץ האט געזאָטן
אָט ערשט אָט געקומען און שוין זיך צעשפּרייט,
אָ, ווייסע, איר מערדער, וואָס ווילט איר פון קובּא ?
אויב קעמפן—טאָ זענען מיר אלע דאָ גרייט.

נאָר ס׳האָבן זיך פּלוצים געהויבן די ווייסע
און דרייהונדערט ביקסן, אזוי ווי איין ביקס,
האָבן אין הויכקייט צעקראַכט אַזאַ דונער,
אַז ס׳האָט אַזש געציטערט דאָס קלענסטע געוויקס.

און אמת צו זאָגן, כאָטש ער האָט ערפאַרונג
געהאַט מיט די בלוטיקע ווייסע פון לאַנג,
נאָר דאָך האָט דער דונער אים אויך ווי צעטומלט
און ס׳האָט אים אין האַרצן געצופּט ווי אַ צוואַנג.

און אַז ער האָט דערזען, אַז ס׳האָבן די ווייסע
די חיות, די פערד אויך געבראַכט אָט אַער,
האָט ער באַלד געוואוסט, אַז אַף די סיבאַנייער
וועט פאַלן אַ שרעק אומבאַהאָלפן און שווער.

און ער האָט שוין מער ניט געקוקט אַף די ווייסע,
און איז מיט אַ שנעלקייט פון פויגלשן פלי
אַוועק צו די ברידער און שוועסטער אין וועלדער
צו ברייננגען זיי טרייסט אין דעם שרעק פון גאַנצפרי.

און האָט זיי בעשטילט פון דעם שרעק פאַרן דונער,
קיין מורא ניט האבן — איז בעסער פון אַלץ,
עס קומען די ווייסע נאָר בלוט צו פאַרגיסן,
איז בעסער צו קעמפן פאַר לעבן מיט שטאָלץ.

זיי האבן אויך פערד, נאר מ׳דארף זיך ניט שרעקן,
איין ווייסער—איז ערגער ווי צענדליקער פערד —
אַ פערד איז אין פעלד דאָך פיל שטילער און בעסער
ווי אין האַנט פון אַ מענטשן אַ וויַיסן די שווערד.

אַ קינד האָט געוויינט און דעם שרעק פון די גרויסע
אָ, קינד, אָ וואָס ווינסטו, וואָס טוט דיר דען ווי ? !
די ווייסע זיי לאָזן דיך רואיק ניט וואַקסן
און שטערן דאָס לעבן פון דעם סיבאָניי.

אַזוי איז געשטאַנען דער ריז, אָט דער גבור
אין ליבשאַפט, אין צאַרטקייט אַזוי ווי אַ קינד !
אָ הימלען און ערדן ! ווי קענט איר פאַרשווייגן
פון ווייסע די פאַלשקייט, די גרויזאַמע זינד !

און דאָרט איז וועלאַזקעז אין רו ניט געזעסן,
ס׳איז ביקסן און שווערדן געוועוון אים נאָך קאַרג,
האָט ער מיט די מענטשן, מיט זיינע דרייהונדערט
צעלעגט זיך אין לאַגער ביים זייט פון אַ באַרג.

און האָט באַלד צעשיקט זיינע נאָענטסטע מענטשן
און צענדליקער מענטשן מיט וואָפן באַגלייט,
זאָלן זיי ווערן באַקענט מיט דעם געגנט
צי איז דאָ ניט נאָענט אַ ישוב צעשפּריים.

זיי זענען אַוועק און גאָר לאַנג ניט געזאַמט זיך
און האָבן געבראַכט אַ ידיעה אַזוי —
ס׳איז וועלדער געדיכטע מיט ריזיקע בוימער,
און פעלדער, וואָס זענען נאָך ווילד און נאָך רוי.

מע זעט ניט פון ווילדע קיין איינציקן מענטשן,
קיין לעבעדיק נפש אַרום און אַרום —
מ׳זעט וואו אַן ישוב, איז אַלץ דאָרט פאַרלאָזן,
עלנט און איינזאַם און טרויעריק־שטום.

וואו זענען זיי ערגיץ די ווילדע, די מיאוסע?
האָט וועלאַזקעז געשריגן מיט כאָרכל פון ברוסט,
זיי זענען אַנטלאָפן, מיר וועלן זיי כאַפן,
צי האָט זיך זיי שפּעטן פון אונדז ניט פאַרגלוסט?!

און דאָ האָט ער פלוצים באַטראַכט זיך אין שמייכל;
ניט זאָגן, וואָס ער האָט איצט זאָגן געוואָלט, —
אויב רוי איז דאָס לאַנד און איז נאך ניט באַאַרבעט,
קען זיין אין די ערדן נאָך אוצרות מיט גאָלד.

און דאָ האָט ער ווידער באַטראַכט זיך, צעשריגן
אָ, מענטשן, הערט צו זיך נאָר גוט, וואָס איך זאָג,
פופציק פון אייך וועלן מוזן זיך לאָזן
זוכן די ווילדע שוין מאָרגן פאַרטאָג.

און נאָך אַ פּאָר ווערטער געזאָגט מיט אַ גענייץ,
פון מידקייט — האָט ער זיך, מסתמא, געטראַכט,
געהייסן צו שטעלן אַ וואַך אין אַרומען,
זאָל קיינער ניט שטערן די רו פון ביינאַכט.

---

## IX

אויף מאָרגן פרימאָרגן, אַ גרויער פרימאָרגן,
אַזוי ווי דעם מאָרגן וואָלט עפּעס געשיין,
הער הימל איז טונקל, די זון—ווי פאַרביטערט,
ווי אַלץ וואָלט פאַרשטאַנען פון ווייסע דעם מיין.

די זון האָט געטראָפן די ווייסע צעפלאַמטע
און פיבערדיק עפּעס אַזוי זיך געאײַלט,—
ס'האָט איינער אַ ביקס אָנגעלאָדן מיט קוילן
אַ צווייטער—די שאַרף פון דער שווערד אויסגעפּיילט.

און ווייטער—אָט דאָרטן אין וועלדער געדיכטע
האָט זון אַזוי מאָדנע אין וואונדער באַטראַכט
צעשראָקענע פרויען פון די סיבאָנייער,
און מענער, וואָס האָבן אין שטאָלצקייט געוואַכט.

און קינדערלאַך שלאָפן צעשמייכלט אין אומשולד,
זיי שלאָפן אין אומרו אף האַרטקייט פון בוים,
די צווייגן פון בוימער—אַן האַרטער געלעגער
און שטערט צו דעם קינדיש פאַרכישופטן טרוים.

און סע שטייט האַטוּאיי אַזוי פעסט און ענטשלאָסן
און גלויבעריש - זיכער קלינגט אָפּ איצט זיין שטים—
און ס׳דאַכט זיך דאָס פייער פון זיינע צוויי אויגן
גיסט זיך צו אַלע אַריבער פון אים.

איר ווייבער און קינדער, בלייבט דאָ אין די וועלדער!
איר מענער פון שטאָלצקייט, איר אַלע—אַער!
עס וועלן די ווייסע באַלד קומען אונדז זוכן
צו פּרואוון די שאַרפקייט פון זייער געווער.

טאָ לאָמיר זיי נאָענט ניט לאָזן אַערצו,
מיט מיר קומט איר מענער אין וועלדער געדיכט
די ווייסע באַגעגנען מיט פיילן באַהאַלטן,
וואָס זאָלן זיי טרעפן אַזוי אומגעריכט.



און דאָרטן ביים באַרג,
אין דעם לאַגער פון ווייסע
האָט וועלאַזקעז געזאָגט אָט אַזוי—
צו זיינעם א מענטשן פון בעסטן געטרוי
פראַנסיסקאָ מאָראַלעס,
דו ביזט דאָך אַן העלד
נעם פופציק מענטשן
און גיי און זוך אוים
וואו עס זענען די ווילדע, —

און נאַר זיי אַרויס אַף דעם אָפּענעם פעלד
און אַז וועסט זיי האָבן אין פעלד שוין פאַרנאַרטע
מעגסטו אַ זיכערער זיין אין דיין זיג,
מעגסטו שוין לאָזן די ביקסן און שווערדן
זיי זאָלן שנעל מאַכן אַן ענדע צום קריג.
און איך וועל דיר קומען צו הילף מיט די אַלע,
וואס וועלן מיט מיר נאָך דאָ בלייבן דערוויילֿ,
און האָב ניט קיין מורא צו קעמפן מיט ווילדע
ס'איז זייער וואַפן,
אַ הילצערנע פייל.

□ □
□

און אַזוי איז געוועזן:

פראַנסיסקאָ מאָראַלעס
אַוועק איז אין פעלד
אויף ערד סיפּאָנייער
צו ווערן אַן העלד.

אַליין מיט געדאַנקען
געציטערט פון שרעק, —
נאָר אינדיער שרעקן
געוועזן איז זיין צוועק.

ער גייט איבער פעלדער
און היט זיך פון וואַלד,
אָט שטאַרבט ער פון מורא
פאַר אייגן געשטאַלט.

עס ציטערט פון ווינטל
אַ טראָפּיש געוויקס,
באַפעלט ער אַ מענטשן
צו שיסן פון ביקס.

און דאַכט זיך אַז נאַך ניט
דערגאַנגען אַ מייל;
פּלוצים — פון וואַנען?
אַ פייל נאָך אַ פייל.

הילצערנע פיילן,
נאָר דאָך טוט עס וויי,
פאַלט איינער פאַרוואונדעט
אין פיינליך געשריי.

עס פאַלן די פיילן
פון נאָענט און ווייט
און געבן צו טראַכטן
קיין רגע אין צייט.

אַ רגע — אָט קומט זי,
פאַרשווינדט זי שוין באַלד —
פראַנסיסקאָ מאַראַלעס
הייסט לויפן צום וואַלד.

און ביקסן — אין פייער,
און שווערדן — אין האַס, —
לויפן די ווייסע
צום וואַלד צו מיט כעס.

ערשט, דאַכט זיך, די אינדיער
געווען אַף דעם אָרט,
ווי ווינטיק זיי זעבען
פאַרשווינדן פון דאָרט.

און פלוצים שוין ווידער
צום בייזן געמיט,
ווי ס'וואָלט זיך אַ האָגל
פון פיילן געשיט.

די אינדישע פיילן
צו ווייסע אַ גרוס,
צו איינעם, צום צווייטן
אין האַנט און אין פוס.

עס שיסן די ווייסע
אַהין און אַער,
צו טרעפן אין בוימער
איז דאָך גאָר ניט שווער.

פראַנסיסקאָ מאָראַלעס
צעשראָקענער בליק
באַפעלט זיינע מענטשן
צו לויפֿן צוריק.

און גאָרנישט ניט שיסן —
האט ער זיך באַטראַכט,
זאָל קומען וועלאַזקעז,
וועט גרויס זיין די מאַכט!

און דאַמאַלס, אַ דאַמאָלס,
איר ווילדע געדיינקט,
פראַנסיסקאָ מאָראַלעס
האָט קיינעם געשיינקט.

ער קומט דאָך אַערצו
צו אַייך אין דעם לאַנד,
צו לערנען אַייך גוטסקייט,
צו ליבשאַפט פאַרשטאַנד.

ער פירט זיינע ביקסן
פון טויזנטער מייל, —
און איר ווילט פאַרוואונדען
דאָ אים מיט אַ פייל.



האַטואיי איז געזעסן ביים קריגס־ראַט פאַרטראַכט,
עס קומט אָן פון ווייטע די שרעקליכע מאַכט

און צאָל אַזוי ווייניק — ווען ניט דאָס געווער
וואָלט זיי צו באַקעמפן געווען גאָרניט שווער.

אָט ווי ער צעשטעלט זיך אַזוי מיט די הענט
וואָלט ער וויפל ווייסע צעשלאָגן געקענט.

און דאַכט זיך ניט גלויביק קוקט ער אַף די הענט,—
עס איז דאָס געווער אים צו גוט שוין באַקענט.

דערום איז מיין עצה, זאָגט ער צו דעם ראַט
צו קעמפן פון וועלדער, וואס מערער פון ווייט.

און אָנפאַלן קליינע פון יעטווידער זייט—
ביי טאָג און ביינאַכט און צו יעטווידער צייט.

און אָט אָ די קאַמפן — כאָטש קליין און פאַרנעם
האַלטן די ווייסע אין שטענדיקן קלעם.

און, אפשר, וועט הונגער און גליענדע זון
זיי לערנען, זיי האבן דאָ ניט וואס צו טאָן.



האַטואיי האט קיין רו ניט
בייטאָג און ביינאַכט ,
עס ווינקען די בוימער צו אים אַזוי דרייסט ,
און ער , דאַכט זיך , שוועבט
אַף די בוימער פון וואַלד
אַזוי - ווי פון פרייהייט דער אייביקער גייסט .

עס דאַכט זיך די בוימער
זיי טומלען אין וואַלד ,
אָ , הימלען און ערדן , פאַרנעמט דאָס געשריי —
און לאָזט ניט צעשטערן
די פרייהייט פון לאַנד ,
וואס אייביק געוואָלט האט דאס פאָלק סיבאָניי .

האַטואיי , האַטואיי !
אָ , רו פויגל פון וואַלד !
צעשפרייט דיינע פליגל פאַר וויניקער ליכט ,
און זאָלן די הימלען
און ערדן דערזען ,
ווי אייביק און ליכטיק עס איז דיין געזיכט !

און ס'האט זיך צעשפרייט
אַזאַ יובל - געשריי ,
און זון האט די שטראַלן צעגאָסן אין גלות ,

עס קען זיך די ערד
אויך דערפרייען אַמאָל
מיט מענטשליך פאַרגאָסענעם זודיקן בלוט!

דאס בלוט פון די ווייסע!
די אייביקע ווייסע!
עס שטייט פול אין וואונדער דאָס פאָלק סיבאָניי,
דאס בלוט פון די ווייסע
איז רויט און איז קלעפּיק,
אַזוי ווי דאס בלוט איז ביי יעדן פון זיי.

און ס'ליגן דריי ווייסע
און שטשירען די ציינער,
דער טויט צו די ווייסע קומט שרעקעדיק בלאַס,
די אויגן צעשטשירעט
דער זון אַף אַנטקעגן
און ס'דאַכט זיך, זיי קוקן די זון אָן מיט כעס.

אַ, ווייסע, איר ווייסע!
קוקט צו צו דער זון זיך,
ווען איר וואָלט די זוניקע מאַכט נאָר פאַרמאָגט
דאַן וואָלטן די מענטשן
געשטאָרבן אין פינסטער,
ס'וואָלט קיינמאָל, ס'וואָלט קיינמאָל די ליכט ניט געטאָגט.

נאָר ניין !
צו וואס אַייך די קראַפט פון די זונען ? !
אַז איר האט די קראַפט פון דער פינסטערער נאַכט !
איר טונקט אַיין די שווערדן
אין בלוט פון די שוואַכע
און היט אַזוי אָפּ אַייער פינסטערע מאַכט !

---

## X

דער קאַמף איז ענטשטאַנען.
מיט אָפּפער און גלויבן
זענען די אינדיער געווען אין רעוואָלט,
ס׳האט יעדער געהערט שוין
דעם קלאַנג פון דעם דונער
און קיינער האט שטאַרבן אַזוי ניט געוואָלט.

אָ ניין, איר ווייסע!
ס׳איז דאָ אַזאַ גלויבן,
וואָס האט זיך אויך דאָ אין דעם לאַנד ניט פאַרזאַמט,
און האט זיך פון הימלען
און ערדן צעהויבן
און העל אין דעם אינדישן האַרצן צעפלאַמט.

פאַר טויט און פאַר לעבן.
דער קאַמף איז ענטשטאַנען.
ס׳איז ניט געווען קיין טאָג און קיין נאַכט.
ס׳האבן די ווייסע
אין ווילדער רציחה
דעם דונער אַף פעלדער און וועלדער געקראַכט.

און ס׳גיסט זיך אַ פייער
אַרויף אַף די בוימער,
וואָס האט זיך מיט בלוטיקע וואונדן צעטריפט,
אַזוי ווי די שלאַנג,
וואָס זי קומט פון דעם טייוול
און זוכט וואו אַהינטאָן דעם שיפּענדן גיפט.

און ס׳טריפט אָפּ דער גיפט
אַף די צווייגן פון בוימער,
אַ קינד שלאָפט פאַרטריבן פון ליבן קאַניי,
אַ טראָפּן פון פייער
דעם קינד האט געטראָפן,
דאָס קינד וויינט און ווייסט ניט—וואָס טוט עס אים וויי.

עס האָט מיט קיין העלצל
זיך איצט ניט פאַרשטאָכן,
עס איז דאָך געשלאָפן, זיך גאָרניט געשפּילט,
דאָס קינד קוקט מיט אויגן
די וועלט אָן פאַרוואונדערט
און פלאַפּלט אין ווייטיק און שוואַכקייט פאַרשטילט.

די אינדישע מאַמע
זי וויינט פון דעם האַרצן, —
אָ, קינד מיינס, ביסט ערשט דאָך געוועזן געזונט;

פון ווייסע געקומען
צופליען דאָס פייער
און האט דיר פאַרשאַפן אַ בלוטיקע וואונד.

די מאַמע, —
זי האַלט שוין דאס קינד אַף די אָרעמס,
וואָס ווייסט זי די פשוט׳ע אידישע פרוי?
זי קוקט אַף די בוימער,
אַנטלויפט פון די בוימער,
זי האָט צו די בוימער שוין מער קיין געטרוי.

זי טראַכט
אַז ווי גוט וואָלט געוועזן צום ווייטיק
צו קריגן אַ ווייכן האַמאַק אָט אַצינד,
און דריקן דאָס קינד
צו די וואַרימע גלידער —
ווי גוט וואָלט געוועזן אַן האַמאַק פאַר דעם קינד!

נאָר וואו וועט זי נעמען
אַצינד אַן האַמאַק גאָר, —
ס׳איז נאַריש, אפילו, אַזאַ סין געדאַנק,
זיי זענען פאַרטריבן,
קיין רו און קיין לעבן
און דאָ איז דאס קינד אירס פאַרוואונדעט און קראַנק.

דאַן דריקט זי אין אָרמען
דאָס קינד צו דער ברוסט צו
און שפּאַרט אַף דער ערד זיך נאָר אָן מיט איין קני,
און קוקט אַף דעם קינד
מיט דעם האַרץ אין די אויגן
פון אייביקן, מוטערשן וואַרימען גלי.

זי דריקט צו דער ברוסט צו
דאָס קינד אַלץ מער שטאַרקער,
די מוטער דאָס קינד האט מיט לעבן פאַרשוועבט,
דאָס קינד גיט אַ ריר זיך,
אַ ריר מיט אַן אבר,
און הויבט אויף אַן הענטל און ווייזט אַז סע לעבט.

די מוטער דערפרייט זיך.
נאָר פּלוצים—גאָט מיינער!
ס'האט עפּעס זי שטעכיק געטאָן אַזאַ שמאַרץ,
נאָר זי האט שוין מער ניט גערירט זיך,
פאַרגליווערט —
אַ קויל האט געמאַכט איר אַ וואונד אין דעם האַרץ.

און זי איז געבליבן
אַזוי אָט אָ זיצן
מיט קינד נאָך אין לעבן פאַרקלעמט אין די הענט—

מיט אָפענע אויגן
צעעפנט, צעשטשירעט,
וואָס האָבן דאָס קינד מער ניט זען געקענט.

און ס׳גיסט זיך דאָס בלוט
פון דער וואונד פון דער מוטער
אַראָפּ אַף דעם קינדישן קליינעם געזיכט,
און ס׳טאַפּט אָן דאָס קינד
מיט די קלײנינקע הענטלעך
אַ וואַרימע פליסיקייט קלעפּיק־געדיכט.

און ס׳עפנט דאָס קינד אויף
די אויגן פאַר׳חלומט,
אָ, מאַמע, אַ טרונק טאָן, און ס׳לעקט אָפּ דאָס בלוט.
און ס׳לעקט און באַלעקט זיך
דאָס בלוט פון דער מוטער —
אָ, מאַמע, אָ מאַמע, עס איז אַזוי גוט!

אַוועק איז איין שעה
און אַ צווייטע, אַ דריטע,
פאַרטרוקנט דאָס בלוט אַף דער מוטערשער הויט,
און צווישן די אָרעמס
די מוטערשע טויטע
שוועבט אום דאָס קינד צווישן לעבן און טויט.

אָ, מוטער, וואָס זיצסטו?!
דיין קינד קען נאָך לעבן!
דערוואַרים דאָס קינד דיינס, די וואונד דעם פאַרבינד!

די קויל פון די ווייסע
פאַרשטילט האָט די מוטער, —
און שפּעטער אַזוי איז געשטאָרבן דאָס קינד.

אָ, ווינטן, איר ווינטן,
און איר אוראַגאַנען,
וואָס בושעוועט אָפּט דאָ אַזוי אין דעם לאַנד,
איר מעכטיקע ריזן
פון ערדן און ימים,
קומט אין די וועלדער און קריגט דאָ פאַרשטאַנד!

און הויבט אויף די מוטער
אַזוי אָ פאַרגליווערט,
אַזוי ווי זי האלט אין די אָרעמס איר קינד,
און טראָגט זי אַרום
איבער וועלטן צו ווייסע
און ווייזט זיי ווי גרוים זענען זייערע זינד.

און ווי איר זענט מעכטיק
אַזוי זאָלט איר נעמען
צעשפּאַלטן דעם בויך דאָרט פון זייערע ערד,
און זאָלט דאָרט צעשטעלן
אַ ריזיקן קבר
און אויבן באַווייזן: די ביקס און די שווערד.

---

## XI

עס האָבן זיך ווייסע
דערפרייט ווי משוגע, —
ס'עט זיין אַזאַ יום־טוב פון ווילדן טעראָר,
די בלוטן זיי זידן שוין
היציק־נערוועאיש,
דאָס בלוט פון דעם שפּאַנישן טאָרעאָדאָר.

און ס'איז זיי די אויגן
פון בלוט אַזש פאַרלאָפן,
דעם וואַלד שוין פאַרינגלט אַרום־און־אַרום,
און ס'דאַכט זיך זיי אַלע —
דער וואַלד איז אַן אָקס גאָר,
וואָס שטייט ווי פאַרגליווערט, דערשראָקן און שטום.

און ס'דאַכט זיך דער אָקס
אַז ער ווייסט גאָר פון גאָרניט,
און מאַכט צום אַנטלויפן ווי גאָר קיין פאַרזוך;
דער שפּאַניער וואַרפט אים
אַ שפּיז פון דערווייטן
און שרעקט אים און רייצט אים מיט רויטקייט פון טוך.

און אַט טוט דער וואַלד
ווי אַן אָקס גאָר אַ רעווע,
די שפּיז האָט אין ווייטאָק אַ וואונד אים פאַרשאַפט,
דער אָקס קוקט אַרום זיך, —
וואָס איז ער דאָ שולדיק,
און ס'קומט אים ניט ווילנדיק אַן אַזאַ קראַפט.

אַט וועט ער אַ לויף טאָן
אַזוי מיט זיין גבורה
און טאָן מיט די הערנער אַזוי זיך אַ שטויס,
און אַלץ וועט צעפאַלן,
און בלוט וועט זיך גיסן
און אַלעס אַרום וועט שוין ווערן פאַלד אויס.

נאָר עס שטייט זיך אַנטקעגן דער שפּאַניער
קאַלטבלוטיק
אזוי ווי צום מיינען, ס'איז עפּעס אַ ריז,
דער אָקס טוט אַ לויף —
גיט דער שפּאַניער אַ שמייכל,
צום אָקס איז אין מוח אריין שוין די שפּיז.

דער אָקס טוט אַ פאַל
אויף דער ערד מיט זיין שווערקייט
און ס'דרינגט אים מער טיפער די שפּיז גאָר אַריין,

און ס׳בלישטשעט אים אָפּ
אין די לעצטע מינוטן
פון שפּיז צו די אויגן אַ בלענדענדע שיין.

◻ ◻
◻

עס האָבן צעטיילט זיך
די שפּאַניער אין טיילן
אין יעטווידער טייל זענען ווייסע אַ צען,
און עטליכע הונדערטער
זין סיבּאָנייער
שטייען און קעמפן מיט אָפּפער און ברען.

צען ווייסע! צען ווייסע!
די שרעקעדיק־קליינע
און יעטווידער ווייסער זיין ביקס האָט צעקנאַלט,
נאָך יעטווידער קויל,
וואָס אַ ביקס וואַרפט אַרויס נאָר,
אין בלוטן פאַרגאָסן אַ אינדיער פאַלט.

די עטליכע הונדערטער
זין סיבּאָנייער,
נאָר מיט מאַקאַנעס און פיילן פון האָלץ!
ניטאָ וואו אַנטלויפן —
זיי זענען פאַרינגלט
זיי שטאַרבן פאַרבלוטיקט אין זוניקן שטאָלץ.

זיי קעמפן ווי שטאָלצע.
נאָר פּלוצים וואָס איז עס?
זיי פאַלן אין שרעק אַלע צו צו דער ערד,
און לאָזן פון די הענט אָפּ
די לאַנגע מאַקאַנעס,
ס׳יאָגט איינער אַ ווייסער אין ווילדקייט אַ פערד.

זיי וואָלטן אַנטלויפן,
זיי קענען ניט לויפן,
זיי האָבן פיל שטאָלצקייט און האָבן פיל מוט, —
קומט אָן די שרעק —
מעג דאָס זיין פאַר אַ גאַרניט,
פאַרגיפטעט די שרעק באַלד דאָס זודיקסטע בלוט.

עס קלעמען די אינדיער
די הענט אין דער ערד איין,
און יעדערער ווייסער מיינט ער איז אַ העלד,
עס שפּאַנען געפאַנגענע
די סיפּאָנייער
און אַלץ נאָך אין שרעק פאַר דעם פערד אַפן פעלד.



דער לאַגער פון ווייסע.
ס׳איז קוסטעס געדיכטע.
און פאַלמעס צעוואָרפן—ס׳איז טראָפּישע פעלד,

עס רוען דאָרט ווייסע,
די פערד ביי דער פּאַשע,
אינמיטן פון אַלץ איז אַ בּיידל צעשטעלט.

אין ביידל אַ טישל
אַף שנעל אַ געמאַכטעס,
א שטול ביי דעם טישל אין איינזאַמקייט שטייט,
און פונקט קעגנאיבער
אַף טשוועקל—אַ שטריקל,
הייגגט אַף אַ צלם אַ יעזוס צעשפּרייט.

און דאָרטן אין ביידל
זיצט איצט וועלאַזקעז,
און מורמעלט זיך אונטער ווי שטיל אַ געזאַנג,
עס האָבן די ווייסע
זיין האַרץ איצט צע'יובל'ט,
פיל סיבאָנייער געכאַפּט אין געפאַנג.

דעם קאָפּ אָנגעבויגן
אין גלי פון די אויגן
גיט ער זיך פון שטול אַזוי ווי אַ הויב, —
אַ קלאַפּ אין דעם טישל,
עס ציטערט דאָס טישל,
קלינגט אַ באַפעל אָפּ ווי הילכיק און טויב.

עס דאַכט זיך
ער וואַרט איצט, אַז עמיץ זאָל קומען,
וועלאַזקעז קען וואַרטן, נאָר וואַרטן ניט לאַנג,
עס קומען אַריין באַלד
צוויי ווייסע אין ציטער:
סעניאָר! קום צו זעען איצט אונדזער געפאַנג.

וועלאַזקעז פאַרלאָזט באַלד
דאָס בײדל צופרידן –
און גייט פון דעם בײדל ניט ווייט אין דעם פעלד—
אין קייטן און שטריק
— ווער געשמידט, ווער געבונדן
זענען די זין סיבאָנייער צעשטעלט.

ער קוקט און ער גלויבט זיך
— אליין ניט אין וואונדער
— ,געמיינט ער וועט טרעפן דאָ פיינליך געוויין
צום סוף זעט ער מענטשן
פון פיין און פון וויטאָק,
וואס שטייען מיט שטאָלצקייט און האַרטקייט פון שטיין.

אינמיטן פון אַלע דערזעט ער
דעם שטאָלצסטן –
מיט בליק פון אַן אָדלער, אַן עלטערער מאַן,

װעלאַזקעז הױבט אָן
צו אים רעדן מיט חניפה:
דו ביסט דאָ דער אײנציקער עלטסטער פּאַראַן!

דו ביסט דאָ דער עלטסטער,
ביסט מערער ערפאַרן,
ביסט מערער פאַרשטענדליך, פון אלע מער קלוג,
דו דאַרפסט דאָך פאַרשטײן,
אַז איר מאַכט זיך נאַריש,
און נאַריש זיך מאַכן איז שטענדיק נענוג!

אַזױ װי דײַן לאַנד
איז דײַן לעבן דיר טײַער, —
זײַן װײַב און זײַן קינד דאַרף באַשיצן אַ מאַן,
און װי דו ביסט קלוג
דאַרפסטו זאָגן אונדז אַלעס,
װער איז האַטואײַ און װאס איז זײַן פּלאַן.

און דאַן, װען דו װעסט אונדז
פון אַלעם דערצײלן,
װעסטו אונדז באַלד נאָענט שױן װערן געװיס, —
װעסט װערן דערהױבן
צוגלײַך מיט אונדז אַלע
און װיסן, װי ס׳לעבן פון װײַסע איז זיס.

נאָר שטאָלץ איז געשטאַנען
דער זון סיפּאָנייער
און ביטער געשמייכלט אזוי ווי אין שפּאַס:
אָ ווייסע!
פאַר אייך איז איין ענטפער פאַראַנען,
אַן ענטפער פון מיאוס׳קייט און צאָרן און האַס.

אָ ווייסע, איר ווייסע!
פאַרשאָלטענע ווייסע!
ביי מיר אין מיין האַרצן ניטאָ איז קיין שלאַנג!
איך וויל נאָר ניט לעבן
ווי איר אַזאַ לעבן —
איך קען און פאַרשטיי אייער לעבן פון לאַנג.

וועלאַזקעז בלייבט שטיין.
אַט שטאַרבט ער פון ציטער.
מע טאָר מיט די חיות גאָר קיינמאָל זיין מילד!
אַ וואָרט צו באַגרייפן,
דעם שכל צו שלייפן —
זיי זענען, בסך־הכל, נאָך חיה׳ש און ווילד.

נעמט אַט דעם הונט,
אַט אַ דעם סיפּאָנייער,
וואָס שפּעטן פון אונדז האָט ער איצט אַזאַ לוסט

און גיט אים פאַרזוכן
פון אונדזערע אייזנס —
צעגליט אים אַ צלם בײַ אים אַף דער ברוסט!

און באַלד וועלן מיר זען,
צי ער וועט פאַרשטיין
דעם שׂכל, וואָס ליגט דאָ אין אונדזער געצייג,
צי וועט ער נאָך וואַגן,
דער הונט אָט דער מיאוסער,
זייערע סודות צו האַלטן אין שווייג.

פון אייזנס צעגליטע
אַף ברוסט סיבאָנייער
בלוט שוין דער צלם פון רויבערשן טאַט,
די ליפּן פאַרקלעמטע
בײַ דעם סיבאָנייער,
ער שווייגט און ער רעדט ניט קיין וואָרט פון פאַראַט.

דו שווייגסט נאָך?!
דו הינטישער זון, דו רוצח!
ציטערט וועלאַזקעז אין ווילדן געשריי,
דערצייל אונדז,
מיר וועלן דײַן לעבן דיר שענקען,
וואו ערגיץ געפינט זיך אין וואַלד האַטואיי.

נאָר ניין ! ער רעדט ניט .
און דאַכט זיך ער שמייכלט —
פון צלם אַף ברוסט האָט דאָס בלוט זיך צעטריפט,
עס קוקט אַף די ווייסע
דער זון פון דער פרייהייט
און שמייכלט אַ שמייכל פון ביטערן גיפט .

ער שווייגט נאָך דער ווילדער !
צעשרייט זיך וועלאַזקעז —
ווי קען דאָס אַ מענטש אַזוי האַנדלען געמיין ! ?
האַקט מיט אַ שווערד
אים אַראָפּ שוין אַן אויער
און רייסט אים אַרויס מיט די צווייננגען די ציין !

און מ׳האָט אים די נעגל
פון פיס אויסגעריסן —
געשניטן אין שטיקלאַך די פינגער פון הענט ,
נאָר ער האָט געשוויגן
קיין וואָרט צו דערציילן —
און מ׳האָט אים ערשט נאָכדעם אין פייער פאַרברענט.

וועלאַזקעז געווען איז
פון היץ אַזש פאַרכמאַליעט ,
די אויגן געטונקען אין בלוטן—און דאָך ,

ס׳האָט אין זיין האַרצן
צערייצט זיך די ווילדקייט
דער חיה׳שער בלוט-דורשט געפאָדערט האָט נאָך.

און ער האָט באַפעלן
מיט אַלע קאַסיקעס,
וואָס זענען פאַראַן דאָ — ניט רעדן קיין וואָרט, —
צעלעגן אַ פייער
וואָס גליאיקער שטאַרקער
און אַלע פאַרברענען זיי באַלד אַפן אָרט.

און ער איז אַוועק
אין זיין ביידל צו רוען,
אַ דרימל צו כאַפּן — אָט נאָך אַזאַ מי —
די הענט און די פיס
די קאַסיקעס געבונדן
און ס׳האָט שוין אַ פייער געגרייט זיך אין גלי.

ער ליגט אין דעם ביידל,
עס גלוסט זיך אים שלאָפן —
ער מאַכט צו די אויגן און עפנט זיי אויף,
עס רייסן פון דרויסן
זיך ווייען געשרייען
און טראָגן זיך פייגליך אַראָפּ און אַרויף.

און ער — דאָן וועלאַזקעז,
מע שטערט אים צום שלאָפֿן,
מע ברענט דאָרט די ווילדע אין פֿיינליכן ווײ.
עד ליגט און ער טראַכט,
אָט ווי זאָל ער איצט שלאָפֿן —
אַז ס׳מאַכן די ווילדע אַזאַ מין געשרײ.

און ער לויפֿט אַרויס,
אַזאַ ווילדער און בייזער:
וואָס איז אַזאַ ווילדער געשריי ביי דעם פֿלאַם?
הערט וואָס איך הייס אייך,
איך שלאָף — זאָל זיין רואיק!
שוין בעסער, מיר דאַכט, זיי דערטרונקען אין ים!

נאָר ס׳האָבן די ווייסע
קיין האַרץ ניט געקראָגן
אַזאַ פֿאַרגעניגן צעשטערן אַליין,
האָט איינער אַ ווייסער
אין פֿרייד זיך צעשפּרינגען
ער האָט אַ געדאַנק, און וועט צייגן זיין מיין.

ער זוכט אָפּ באַלד שפּענער
און שמוציקע שטיינער
און שטופּט זיי אַריין סיפּאָנייער אין מויל, —

עס שרייען שוין מער ניט
אין פלאַם די קאַסיקעס
עס פאַלן די אברים פאַרברענטע אין קויל.

פאַרברענט די קאַסיקעס,
האָט יעדערער ווייסער
געפילט אין דעם האַרצן אַ גרויסן גענוס,
און ס׳האָט זיך געוואָלט
אויך פון האַרץ צו דעם שכל
פון גרויס פאַרגעניגן צו געבן אַ גרוס.

און דאָ אויך אינמיטן,
ניט ווייט פון דעם פייער,
פאַרוויקלט אין שוואַרצן פאַרבלוטיקט געמיט,
שטייען פאַרקלעמטע
אין פיין סיבאָנייער,
די הענט אין די פיס שווער אין קייטן געשמידט.

קוקן די ווייסע
צו די סיבאָנייער —
דרייט זיך אַף יעטווידער בליק אזוי שלאַנק
און שניידט זיך אַריין,
ווי דער בליק פון אַ טיגער,
אין סליונע פון שכור, אַזאַ מין געדאַנק:

די ווילדע, וואָס שטייען
אָט דאָ אַ געשמידטע,
זיי וויסן ביז היינט דאָך נאָך קיין שום געבאָט,
פאַרוואָס זשע אַצינדער
זיי גאָר ניט באַקערן
צום גלויבן פון גרויסן, אַלמעכטיקן גאָט.

און באַלד איז געקומען
דער גלח אַ גרייטער,
די אויגן פאַרגלאַצט צו דער הימלשער שיין:
איר ליבנדע קינדער,
פון פאָלק סיבאָנייער
פאַרנעמט מיינע ווערטער און הערט זיך גוט איין.

איין גאָט איז פאַראַנען
אַף הימלען און ערדן,
און איר האָט פון דעם נאָך ביז איצט ניט געוואוסט,
נאָר איר האָט געבלאָנדזשעט
אַף וועגן פאַרוויסטע
צו ווילדע, צו הילצערנע געטער געגלוסט.

טאָ ווייסט, אַז אַ גאָט
איז פאַראַנען נאָר איינער,
ביי גאָט איז פאַראַנען איין - איינציקער זון,

בּרידערשע ליבּע
און גלייכקייט פאַר אלע —
לערנט דער גאָט, און איר ווייסט ניט דערפון!

נאָר וואָס אייך צו זאָגן?
איר וועט ניט בּאַגרייפן —
כאָטש פּראַסט איז און פּשוט דאָס געטליך געבּאָט
טאַ זאָגט זשע נאָך אלע,
וואָס איך וועל אייך זאָגן:
מיר גלויבּן אין גרויסן, אַלמעכטיקן גאָט!

און עס זענען געשטאַנען
די שפּאַניער פון וויטן,
מיט בּיקס און מיט שווערד ניט גערירט זיך פון אָרט,
און די סיבּאָנייער
די קעפּ אָנגעבּויגן
האָבּן אין ציטער געזאָגט יעדער וואָרט.

די קעפּ אָנגעבּויגן,
די אויגן פאַרנעפּלט,
די ליפּן צו קושן דעם צלם בּאַרירט,
און ס'האָט יעדער איינער
נאָך קוש פון זיין בּרודער
גליאיקע טרערן אַף צלם געשפּירט.

און איצט —
האָט דער גלח געזאָגט זיי מיט נחת —
איז יעטווידער איינער פון אייך שוין גאָטס קינד, —
אַז איר וועט זיך האַלטן
אין פרידן און פרומקייט —
וועט גאָט אייך פאַרגעבן אַף אייערע זינד!

און כדי איר זאָלט וויסן,
פאַרשטיין די לערע,
וואס איך האָב אין קורצן פאַר אַייך דאָ דערציילט,
ווערט איר צו אייערע ברידער
די ווייסע
צו לערנען גאָטס תורה פאַנאַנדערגעטיילט.



און ניין!
עס איז נאַך ניט דער סיבאָנייער
געוואָרן צום ווייסן פאַרוואַנדלט אַלס שקלאַף,
עס האָט נאָר געהייסן
אַז ער דאַרף נאָר העלפן
צו אַלץ, וואס דער ברודער, דער ווייסער באַדאַרף.

דער ווייסער האָט עפּעס
דערפילט אַפ׳ן שטערן —
ער שוויצט, דאַכט זיך, יאָ, עס איז דאָך אַזוי הייס,

אָ, הער זיך נאָר צו,
אָ, דו שוויין סיבאָנייער,
וויש מיר נאָר אָפּ פון דעם שטערן דעם שווייס!

און שלעפּ מיר אַראָפּ נאָר
די שווייסיקע שטיוול,
עס ווילט זיך מיר שלאָפן געשמאַק, אַזוי זיס —
וואס איז מיר פאַרטריקנט
דאָרט צווישן די פינגער, —
דו, שוויין סיבאנייער, וואַש אָפּ מיר די פיס!

און גייט מען אין פעלדער —
דערמאָנט זיך דער שפּאַניער,
אַז גאָלד אין די ערדן מוז, אפשר, דאָ זיין,
שלעפּט ער די שווערד
באַלד אַרויס פון דעם שיידל:
דערציילֿ, וואו געפינט זיך דאָ גאָלד ערגיץ, שוויין!

קוקט סיבאָנייער:
מ'זעט דאָ קיין גאָלד נישט.
דו, שוויין סיבאָנייער, דו גיב וואָס איך דאַרף!
נאָר וואָס קען ער געבן?
זיין לעבן נאָר געבן, —
דערפילט ער אַ שניט פון דעם שווערדישן שאַרף.

איין שניט —
און עס פאַלט אַף דער ערד אָפּ אַן אויער,
עס ווילט זיך אים שרייען—ער ווייס ניט וואס איז,
ער פאַלט אַף דער ערד באַלד
אין אַנגסטן פון גסיסה, —
אין בויך האָט געלעכערט אים בלוטיק א שפּיז.

□ □
□

אַזוי איז געגאַנגען
די לערע פון ווייסע.
אַף פעלדער און וועלדער אין טראָפּישן סטעפּ
האָבן געוואַלגערט זיך
בלוטיק פאַרגליווערט
מענטשליכע אברים און אָפּגעהאַקטע קעפּ.

---

## XII

אַזוי האָט געדויערט
איין מאָנאַט, צוויי מאָנאַט
אַזוי ווי איין פּײַנליכער, ווילדער געשריי,
וואס האָט זיך אַף פעלדער און וועלדער
צעצויגן
אין טויטליכע אַנגסטן,
אין שרעקליכע אויגן,
נאָר ס'איז נאָך געשטאַנען אין הויכקייט דערהויבן
דער ריז האַטואיי.
און ער איז געשטאַנען אין פעסטקייט און שטאָלצקייט, —
האָט גלויבעריש מוטיק געקלינגען
זיין שטים,
נאָר ווינציק געוועזן שוין קעמפנדע מענער,
וואס זענען אין לעבן פאַרבליבן מיט אים.
פון צייט נאָך צו צייט נאָך
פלעגט ער גוט דערלאַנגען
די ווייסע פון וועלדער אַ מעכטיקן שטויס,
נאָר דאָך האָט געפילט שוין
דאָס יעטווידער איינער
עס גייען וואס ווייטער די קרעפטן מער אויס.

אין וואַלד איז ניטאָ קיין מאַאים, קיין קאַסאַווע,
אין וואַלד איז צום רועַן
ניטאָ קיין קאַניי, —
פאַראַן נאָר איין קראַפּט,וואס איז זוניק און פּעלזיק, —
פאַראַן נאָך אין וועלדער דער העלד האַטואיי.

האַטואיי איז געשטאַנען
דערמוטיקט די קעמפער!
אָ, ברידער און שוועסטער,
צו אייך אייער לויב!
לאָמיר נאָך קעמפן, —
מיר וועלן באַקעמפן
די מענטשן די ווייסע
פון מאָרד און פון רויב!
נאָר ער אין זיך זעלבסט
האָט געפילט אַזאַ טרויער,
וואס האט זיך געלייטערט ביי אים אין פאַרשטאַנד,
עס זענען די שכנישע
שטאַרקע קאַסיקעס
צו הילף ניט געקומען אין פעסטן פאַרבאַנד.
ער האָט זיי געוואָרנט:
עס קומען די ווייסע,
זיי זענען נאָר נאָענט שוין ביי מאַאיסי,
זיי האָבן געענטפערט
פון זייערע וויטן:

מע דאַרף זיך ניט כאַפּן, עס איז נאָך צו פרי! —
עס איז נאָך צו פרי,
האָבּן זיי אים געענטפערט
פון זייערע ווייטן: באַני, קאַמאַגוואָי.
אָ, בּרידער, קאַסיקעס
פון די סיבּאָנייער,
פאַרוואָס? אָ, ווי ווייניק פאַרשטייט איר אַזוי?!



אָ! וויי צו דעם טאָג
ווען עס איז צו דעם ווייסן
דער סוד פון דעם טייוול געוואָרן פאַרטרויט!
און ער האט דערוואוסט זיך
די ביקס ווי צו מאַכן,
און ער האט באַקומען די מאַכט פון דעם טויט.

אָ, וואלט יענער טאָג
גאָר געוועזן פאַרשאָלטן,
גאָר קיינמאָל געקומען צו ליכטיקער שיין,
דאַן וואלט אַף דער זוניקער ערד
ניט געוועזן
אַזוי פיל אָ בלוטיקער, חיה'שער פּיין.

דער ווייסער פאַרמאָגט אויך
אַן האַרץ פון אַ מענטשן,
נאָר ער האָט דאָס האַרץ זיינס פאַרגאָסן מיט גאַל,
ס׳איז גאַל אַף זיין צונג
און ס׳איז גאַל אַף די אויגן,
פאַרשפּרייט ער דעם טויט, וואו ער קומט איבעראַל.

און ס׳איז שוין איצט קובא
פאַרשלונגען אין פייער,
וואָס האָט זיך אין ברייטקייט און ווייטקייט פאַרפלייצט,—
דער ווייסער —
אַזוי ווי אַ בלוט-הונט אַ בייזער
איז מערער און מערער געוואָרן צערייצט.

און ס׳איז שוין צו זאָגן
קיין קאַמף ניט געווען,
קיין פראַגע צו פרעגן, אַז ווער ס׳ע געווינט;
עס האָט זיך אַף טראָפּישע
פעלדער פון קובאַ
צעלאָזט אַ משוגענער, בלוטיקער הונט.

ער לויפט,
פון די נאָזלעכער שפּריצט אים אַ פייער.
ער אָטעמט—זיין אָטעם איז שטיקנדער גלוט.

ער בילט —
עס פאַרציטערט אַן אימה בײַם האַרצן,
דער בלוט-הונט איז שכור פון מענטשליכן בלוט.

נאָר כע שטייט האַטואײַ
ווי אַ ריז אין דער מיטן,
וואס רייצט בײַ דעם הונט מער זיין בלוט-אַפּעטיט,
דער הונט לויפט און נישטערט —
האַטואײַען פאַרצוקן,
און ס׳ווערט אַזוי בלוטיק זיין הינטיש געמיט.

ער לויפט,
און ער דרייט מיט דעם קאָפּ ווי משוגע,
ער פאַלט צו דער ערד צו אין ווילדקייט און לעקט,
פּלוצים טוט ער אַזאַ שפּרינג
און אַ רעווע,
די טריט האַטואײַס האָט ער שוין דערשמעקט.

- - - - - - - - - - - - - - -

- - - - - - - - - - - - - - -

- - - - - - - - - -

האַטואיי אין געפאַנג.
ער האַלט ניט אין טרויער געבויגן דעם קאָפּ.
ער האָט ניט אין צער פאַרפינסטערט זיין בליק.
ער שפּאַנט אין די קייטן געשמיט, ווי ער שוועבט
און אַף זיין געזיכט שוועבט אַ לייכטנדער גליק.

ער ווייסט, אַז ניט ער איז דער ערשטער, וואָס פאַלט,
ניט ער איז דער לעצטער, וואָס וויל עס זיין פריי —
ס'וועט ווערן דער קאַמף נאָר פאַרשטילט אַף אַ וויייל
און וועט זיך צעגליען נאָך העלער אַפּס'ניי.

און ער געהט אַזוי מיט דעם האַרץ ווי צעשפּרייט,
און אַף זיין געזיכט, ווי אַ געטליכקייט שיינט,
מ'פירט אים אַריין אין דער רו
פון וועלאַזקעז —
ער קוקט אַזוי שטאָלץ אַף זיין שטערבליכן פיינט.

ווער ביסטו דאָס, ווער?
צעשרייט זיך וועלאַזקעז,
נידערטרעכטיקסטער מענטש פון דעם פאָלק סיבאָניי!

איך בין האַטואיי!
איך קעמפ פאַר דער פרייהייט
אָט דאָ אין דעם לאַנד,

וואָס דו האָסט פֿאַרגוואַלדיקט,
פֿאַרפּעסטעט אין שאַנד!
וואָס זאָגסטו עס, וואָס?!
צעפּלאַמט זיך וועלאַזקעז
און ס'גיסט זיך רציחה פֿון אים, ווי אַ קוואַל.
דו ווייסט וואָס דו רעדסט?
דו ווערסט איצט באַשולדיקט
אין פֿאַראַט און רעוואָלט.
צו פֿאַרנעמען דאָס לאַנד
פֿון אַלמעכטיקן מלך,
וואָס הייסט פֿערדינאַנד—
אָט דאָס האָסטו געוואָלט!
דו ווייסט, וואָס דאָס איז?!

איך ווייס וואָס דאָס איז!
אָט אַ יענער אָ מענטש,
וואָס ער הייסט פֿערדינאַנד —
דאָס איז ער דער פֿירער
פֿון אייך אַלע רויבער,
וואָס קומען צו רויבן
אין יעטווידער לאַנד!

וועלאַזקעז איז זיצן געבליבן געפּלעפּט.
נאָר פּלוצים האָט ער ווי אַ טיגער אַ ווילדער

געטאָן אַזאַ שפּרינג:
גענוג שוין, גענוג!
פאַרנעמט אים פון מיר!
בינדט אים צו שטאַרקער די פיס
און די הענט!
צעלייגט שוין אַ פייער
וואָס שנעלער,
וואָס העלער
און זאָל ער וואָס גיכער שוין ווערן פאַרברענט!



האַטואיי איז געבונדן די פיס און די הענט
צו אַ בוים.
עס שניידן דעם קערפּער פאַרצויגן די שטריק.
עס קוקן די ווייסע אין וואונדער מיט מורא:
ער שמייכלט צום טויט ווי אין הייליקן גליק.

נאָר פּלוצים געוואָרן זיין בליק ווי פאַרפינסטערט.
דער שמייכל פאַרגליווערט—ווי האסטיק און קרום, —
אַ גלח מיט יעזוס צעשפּרייט אַף אַ צלם
קומט צו דעם פייער צו גנב'יש און פרום.

האַטואיי! האַטואיי!
און די לעצטע מינוטן

קום איך, זיי וויסן, דיר געבן אַ טרייסט, —
מאַכן דיך הייליק און ריין פאַרן שטאַרבן
ווייל עס זענען די זינד דיינע גרויס,
ווי דו ווייסט!

און גאָט איז אַלמעכטיק
און ער קען פאַרגעבן,
ווי גרויס און ווי שווער זאָל ניט זיין דיינע זינד!
ער רופט דיך אין הימל,
כאָטש דו האָסט קיין גלויבן,
און אַ גלויביקער ווערן קענסטו נאָך אַצינד!

אָ, גלח, דו ווייסער!
כעמי איז מיין גלויבן!
ער זאָגט אַף די הימלען אונדז גאָרניט ניט צו!
ער גיט אונדז נאָר ליבע
פון איין מענטש צום צווייטן
און פרייהייט און גלייכהייט און שטילקייט און רו!

ער גיט אונדז די פרייהייט,
וואָס ווערט איצט געליטערט
ערשט דאָ אין דעם שיפענדן, טויטליכן פלאַם!
און וועט זיך צעטראָגן
פאַר אייביקן לעבן,
באַהערשן די ערד און די בערג און דעם ים!

די ערד און דעם ים !
און דו גיסט מיר דעם הימל !
אַהין גייען ווייסע, וואָס זענען אויך פּיין?!
אָ ווייסער, דו גלח,
איך וויל ניט אַהינצו !
אָט דאָרט וואו אַ ווייסער, וויל איך מער ניט זיין !

און איך וויל דאָ שטאַרבן אין אייגענעם גלויבן,
דאָס גלויבן אין פרייהייט
גיט אייביקן מוט !
און טרייסט מיך ניט, גלח, —
דיין טרייסט איז מיר איבריק,
דער גאָט פון דיין טרייסט
איז דאָס גאָלד און דאָס בלוט !

און געשטאַנען דער גלח מיט שוים אַף די ליפּן.
מיט יעזוס און צלם פאַרקלעמט אין די הענט.
און ס'האָבן פון פייער
געהויבן זיך צונגען,
צום גלח, צום צלם
אַזוי ווי געשפּרונגען,
צום יעזוס געשפּרונגען און שטאַרקער געברענט.

און האַטואיי ער פילט די פלאַמען.
ער קוקט אין דער הויכקייט

און קוקט אַף די ערדן ,
און ווידער אין האַרצן ווי פריידן דערפילט , —
אָט דאָ ערשט ניט לאַנג
איז געווען אַלץ אין פרייהייט ,
און ער האָט אין פרייהייט געלעבט און געשפּילט.

ער קוקט אַף די פעלדער מיט ליבע און טרייהייט ,
ניטאָ דאָרט צו זען די פעלדער מאַאיס , —
עס האָבן די ווייסע , די בלוטיקע ווייסע
צעטראָטן דאָ אַלעס מיט זייערע פיס .

און ער גיט אַ קוק אין די הימלשע רוימען
און גרויס ווערט די פרייד אין זיין האַרצן אַפּס'ניי :
ער ווילט, אַז עס וועלן נאָך פריי זיין די ערדן ,
ווייל ניט ער איז דער לעצטער וואָס וויל עס זיין פריי.

---

## דערקלערונגען צו די ווערטער פון סיבאָנייער דיאַלעקט, וואס ווערן באַנוצט אין דער פּאָעמע.

Canoa—קאַנאָאַ
אַ שיפל.

Hatuey—האַטואיי
האַטואיי איז געווען אַ קאַסיקע אין דער פּראָווינץ גואַכאַוואַ פון האַאיטי. פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן אין יאָר 1511 קיין קובאַ פון דער שפּאַנישער הערשאַפט, קעגן וועלכער ער האָט געקעמפט העלדיש און ענטשלאָסן.

ווען וועלאַזקעז, דער אָנפירער פון דער שפּאַנישער עקספּעדיציע האָט אויך געלאַנדעט אין קובאַ כדי איינצו-נעמען דאָס אינזל, האָט האַטואיי אָרגאַניזירט די סיבאָנייער און העלדיש געקעמפט, ביז וואַנען ער איז אומגעקומען אַפ'ן שייטער-הויפן אין יאָר 1512.

האַטואיי איז אַ מאָנומענטאַלע און פּאָפּולערע פיגור אין אַמעריקע, אַלס די פאַרקערפּערונג פון דעם פרייהייט-גייסט פון די פרימיטיווע מענטשן.

Guajabá—גואַכאַוואַ
אַ פּראָווינץ פון אינזל האַאיטי.

Quisqueya—קוויסקייע
דער אוראַלטער נאָמען פון האַאיטי.

Maisí—מאַאיסי
דער לעצטער פונקט אין אָריענט זייט פון קובאַ.

סיבאָנייער—Siboneyes
די פרימיטיווע איינוואוינער פון קובאַ.

אַרייטאָ—Areito
געזאַנגען באַגלייט פון טענץ מיט וועלכע די סי־באָנייער האָבן געפייערט זייערע יום־טובים און אָנגע־האַלטן זייערע טראַדיציעס.

קאַסיקע—Cacique
אַן עלטסטער, אַן אָנפירער.

קאַניי—Caney
אַ גרעסערע וואוינונג.

קאַסאַווע—Casabe
אַ שפייז געמאַכט פון יוקאַ, וואָס האָט געהאַט אַ טעם פון ברויט.

יוקאַ—Yuca
אַ טראָפיש געוויקס, וואָס איז זייער נאַרהאַפט.

אַנאַקאָנאַ—Anacaona
(Ana—בלום Caona—גאָלד)
בלום פון גאלד—אַזוי האָט מען גערופן די שיינע האַאיטי־אַנערן, די פרוי פון קאַאָנאַבאָ (Caonabó) אַ געבענטשטע פּאָעטין און אַ פראַכטפולע רעדנערן. באַרימט מיט אירע פייערליכע יום־טובים, מיט איר אויסערגעוועגליכער שיינ־קייט, חכמה און גראַציע.

סעמי—Cemí
דער גאָט פון די סיבאָנייער.

Turey — טורײַ
דער הימל.

Behique — בעהיקע
אַ גײַסטליכער.

Mona — מאָנאַ
די לבנה.

Caribes — קאַריבײַער
אַ קריגערישער שבט פֿון אינדיער, װעלכער האָט באַ־
װאױנט די קלענערע אינזלען פֿון אַנטיליער אַרכיפּעלאַג.

Abo — אַבאָ
עלטסטער, שעף.

Bohío — באָהיאָ
װאױנונג, שטוב.

Batey — באַטײַ
שפּיל־פּלאַץ, פֿאַרזאַמלונגס־פּלאַץ.

Conuco — קאָנוקאָ
אַ באַאַרבעט שטיקל ערד.

Macana — מאַקאַנע
געװער, געמאַכט פֿון האָלץ.

Batos — באַטאָס
אַ שפּיל אין באָל.

---

## באַמערקטע דרוק-פעלערן:

| זייט | שורה | געדרוקט | דאַרף זיין |
| --- | --- | --- | --- |
| 31 | 9 | פאַרשפייט | פאַרשפרייט |
| 121 | 8 | פאַרשטילט | פאַרשטילט |
| 123 | 20 | און | אין |
| 126 | 12 | ווײילט | ווייסט |